סעם ליפּצין

# פאַר רויטע אָרונטן

פאַרלאַג „רויטע פעדים"
ניו יאָרק, 1932

אַ מתנה מיינע חברים, די
רענק־און־פייל טוער פון דער
רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־
באַוועגונג.

# א י נ ה אַ ל ט :

## הומאָריסטישע דערציילונגען :



## איינאַקטערס :



ס ע ם  ל י פּ צ י ן  (אַנקל סעם)

# אַן אייגענע אַרמיי

(אַ מאָנאָלאָג פון אַ טאַטן מיט ניין יאַטן)

וואָס ווייסט איר, מענטשן, פון אַ קריזיס! ווען איר ווערט גע־האָלפענע, ווי איך, אויסצוהאַלטן ניין יאַטן, וואָלט איר פאַרשטאַנען דעם אמתן טייטש־וואָרט פון קריזיס.

נאָר ווער ווייסט? אַט איז מיין ווייבל אַ „פאַרטנער" צום פאַרמעגן, און וואָס ס'הייסט קריזיס, דאַכט זיך מיר, ווייסט זי ניט.

אַט מאַכט זי מיר אַזאַ רעכענונג: פאַר רענט, געז־ביל, עלעק־טריק־ביל, שיכלאַך פאַר די קינדער, קאַסטימער־פעדלער און אַכט דאָלער דעם גראָסערימאַן — דאַרף זי סך־הכל אַ הונדערט מיט צוועלף דאָלער.

פרעג איך איר:

— ווייסטו גאָרניט, אַז אין לאַנד איז אַ קריזיס?

פרעגט זי מיר:

— וועלן מיר זיין זאַט, אַז אין אַמעריקע איז אַ קריזיס?

פונדעסטוועגן זיינען פאַראַן מענטשן, וואָס זיינען מיר מקנא מיין אַרמיי אפילו אין קריזיס־צייט.

אַט מאַכט מיר אַ רעכענונג מיין פעטער, דאָס הייסט, מיין באַ־לעבאָס, וואָס גיט מיר, דעם פלימעניק, אַ „שאָו" טאַקע איצט אין קריזיס־צייט, און לאָזט מיר אַרבעטן שבת און זונטאָג פאַר איין טאָג שכירות. ער זאָגט מיר, אַז אַזאַ אַרמיי ווי מיינע איז אַ גליק פאַר אַ טאַטן. דאָס איז בעסער — זאָגט ער — ווי ניין טויזנטער אין קעש, ווייל מיט דער צייט וועט דאָס אַריינברענגען אַ גרעסערן פּראָצענט.

— ניין קינדער — זאָגט ער — איז אַכצן „הענט", און מיט אייגענע אַכצן „הענט" קאָן מען האָבן דעם בעסטן שאָפּ, ניט וויסנ־דיג פון קיין יוניאָן, פון קיין סטרייקס און פון געבן „רייזעס" אַלע טאָג.

נו, גיי זאָג אים, אַז דאָס זיינען „הענט", וואָס וועלן סוף־כל־סוף ברעכן די קעפּ פון די באַלעבאַטים.

אָבער דערווייל האָב איך אויסצוהאַלטן די הענט, די פיס און — טאַקע די הויפּטזאַך — די נײַן קייערס.

וואָרים שטעלט אײַך פאָר, אַז איך דאַרף גיין קויפן נײַן פּאָר שיך, נײַן פּאָר זאָקן, נײַן סוטלאַך, נײַן ווינטער־מאַנטלען, נײַן „סעטס״ גאָפּל, מעסער און לעפל, און דערצו — אַנקאַרמענען די נײַן וועלף.

איר מיינט גלאַט אַנקאַרמענען? דאָס זיינען חברה מיט אַפּעטיטלעך, איינס און איינס. און פאַלן זיי אַריין אין הויז פון סקול, פון שול, צי פון אַ פּיאַנערן־מיטינג, זיינען זיי דאָך גרייט אײַנצושלינגען די וועלט.

מיינט אויך ניט, אַז דאָס זיינען גלאַט קינדער. ווי איר קוקט זיי אָן, האָבן זיי שוין אַ יוניאָן פאַר זיך, און טאָמער איז עפּעס ניט אַזוי, דערקלערן זיי גלייך אַ הונגער־סטרייק, כאַטש נעם און פּלאַץ.

דאָס הייסט איך, גראָד, פּלאַץ שוין גאָרניט. איך האַלט, אַז זיי וואָלטן געמאָגט, לויט מיינע פאַרדינסטן, סטרייקן אַלע וואָך אַ צוויי־דריי טעג. נו, איז דאָך אָבער פאַראַן אַ מאַמע, וואָס האַלט, אַז ניט סטרייקער, און נאָך לינקע דערצו, איז בעסער, אַז מ'הויבט זיך ניט אָן; גיט זי זיי טאַקע גלייך נאָך...

כ'האָב איינעם, אַ משה'לע — כ'געדיינק ניט גענוי, צי איז ער דער דריטער צי דער פינפטער — נאָר וואָס איז דער אונטערשייד? אַז ער נעמט אַריין אַ ברויטל אין זיינע הענטלאַך, איז ווי ער וואָלט אַריינגענומען אַ סקעב — ער צעפּלעכט אים אין אַ סעקונדע...

מיינט ניט, אַז משה'לע ווייסט ניט, וואָס עס איז אַ סקעב. איך האָט געמעגט זען, ווי ער צעפּלעמט מיין שכנ'ס אינגל די פּיסקעס פאַר גיין רופן אימיצן צום טעלעפאָן פאַר ווייניגער פון פינף סענט. אַ יוניאָן־ברעכער — זאָגט ער — אַרבעט אונטערן „סקייל״... און דאַרף קריגן צעבראָכן די ביינער.

איכ'ל אײַך זאָגן דעם אמת: איך האָב שוין אפילו פּרובירט קויפן פאַר דער חברה אַלטע ברויטלאַך, ממש האַרט ווי שטיינער.

זאָגט מיר מיין חיימ'ל — כ'געדיינק ניט, צי איז דאָס דער זיבעטער צי דער אַכטער — נאָר סיי־ווי־סיי — פּאַפּאַ, די „סור־כאַרטשיקעס״ צעגייען אין מויל... דער סוף איז געווען, אַז זיי האָבן איינגעשלונגען דריי מאָל אַזוי פיל ברויטלאַך...

איצט שטעלט אייך פאָר, וואָס עס קומט פאָר, אַשטיינגער, ווען די ניין יאָטן זעצן זיך צום טיש עסן און אַכצן הענטלאַך גיבן זיך אַ שפּרייט־אויס איבער דער לייגג און ברייט אַרום די טעלער, און ניין פּיסקעס מיט אַרום דריי הונדערט ציינער צעהוליען זיך!...

וואָס זאָל איך אייך זאָגן? — נעמען קלאַפּן ציינער מיט ביינער און גאָפּל מיט טעלער, ווי ניין האַרמאַטן וואָלטן געהאַלטן אין איין שיסן.

שרייט איינער: „זאַלץ!". ווייל אַ צווייטער רעטאַך, און אינ־מיטן דערינען ווערט אונטערן טיש אַ מלחמה מיט די פיס, אַזש די טעלער טאַנצן. דער סוף איז, אַז איידער איך פּלאָנטער פאַנאַנ־דער די פיס אונטערן טיש, כאַפּ איך זיך, אַז אויפן טיש איז ניט געבליבן קיין ביסן פאַר מיר מיט דער מאַמען.

און מיטן שלאָפן־גיין, מיינט איר, איז בעסער? אַלע אָוונט, צען אַזייגער, מיז איך מאַכן אַ „ראָל־קאָל", אויסרופן יעדן איינציגן דעם נאָמען, צי איז ער שוין פאַראַן אין הויז. מיינט איר דאַך, אַז דאָס העלפט מיר? טרעפט דאָ אַנומעלטן, אַז איך מאַך מיר מיין טעגלעכן „ראָל־קאָל" און רוף אויס נאָמען נאָך נאָמען: חיים, משה'ל, איטקע, יאַנקל, שלמה, אשר וועלוול, רייזל, אברהמ'קע. צעלאַכט זיך שלמה'קע און זאָגט מיר, אַז יאַנקל האָט געענטפערט פאַר אשר'ן. כאַפּ איך זיך, אַז אשר איז ניטאָ...

לויף איך מיר אַרום אין גאַס און זוך אשר'ן. אשר אַהער, אשר אַהין. איך בין געלאָפן אין פּאָליס־סטיישאַן, אין האָספּיטאָל, צו אַלע מיטינגען, און קום צוריק אַהיים אָן אַן אשר...

ווי איך גיי אַריין אין הויז, צעלאַכט זיך די חברה: וואָס איז? אשר האָט זיך געלייגט פרי שלאָפן, האָט ער ניט געהערט דעם „ראָל־קאָל"...

און מיינט איר, אַז מיטן אויפשטיין איז בעסער? האָט איר ווידער אַ טעות.

איך וואָלט געמעגט זיין אַ פרימאָרגן ביי מיר אין הויז.

רייזל און וועלוול גייען אַכט אַזייגער אין סקול. יאַנקל און איטקע, צי אפשר משה'ל און חיים, דאַרפן גיין ניין אַזייגער. פּאַסירט גאַנץ אָפט, אַז די מאַמע זאָל אויפוועקן פונקט פאַרקערט. נו, וואָס זאָל איך אייך זאָגן? ווערט אַ געלאַף, ווערט אַ כאַפּעניש. דער

סוף איז, אַז די מיידלאַך שפּרינגען אַריין אין ניי־פּענטס, די אינ־גלאַך כאַפּן די קליידלאַך. איינער טוט־אָן צוויי רעכטע שיך, אַנאַנ־דערער — צוויי לינקע שיך. די גרעסערע כאַפּן די ביכער פון די קליינע, און די קליינע נעמען מיט אין סקול די פּיאַנערן־ביכלאַך. ס'איז אַ לעבעדיגע וועלט. מיר קומט דאַן אויס ניט אַנדערש, ווי אויפגעבן דעם שאַפּ און ווערן אַן „אומפּאַרטייאישער טשערמאַן"...

נאָר פונדעסטוועגן, זאָג איך אייך, אַז עס איז פאַרט גוט צו זיין אַ גענעראַל פון אַזאַ אַרמיי.

איר וואָלט געמעגט הערן, ווען די ניין חברה־לייט גיבן זיך אַ שפּאַן־אַרויף נאָך אַ דעמאָנסטראַציע אויף דעם זעקסטן פלאָר. און אַז די ניין פרעסערלאַך גיבן זיך אַ צעזינג:

Hold the fort for we are coming,
Union men be strong,
Side by side we battle onward,
Victory will come.

איך זאָג אייך, אַז עס דאַכט זיך מיר נאָר, אַז דאָס גייען ניין הונדערט טויזנט רויטע אַרמייער. איי, ווען דער לענדלאָרד וואָלט דאָס געקאָנט אַרויסשטעלן די אַרמיי אין גאַס? ער וואָלט אייך געגעבן אַ פּופּציגער אין קעש. נאָר איר מיינט, ער האָט דאָס שוין ניט געוואָלט טאָן? דער סוף איז געווען, אַז אויף מאָרגן האָט אים געפעלט ניין שויבן אין זיינע פענצטער.

היינט האָט איר באַדאַרפט זען, ווען די יאַטן לאָזן זיך אַרויס טיילן ליפלעטס. וואו אַ בריוו־קאַסטן, וואו אַ טיר, וואו אַ קראָם — איז פאַרפּלייצט מיט בלעטלאַך...

אַנומלטן האָט איינער פון דער חברה געדאַרפט הערן, ווי דער בוטשער אין אונזער גאַס זאָל האָבן געזאָגט, אַז ער „גלייכט" ניט די „רויטע".

אויף מאָרגן האָט דער בוטשער געטראָפן דעם „בשר כשר" און דעם גאַנצן פענצטער אַרום באַקלעפּט מיט בלעטלאַך: „שטימט רויט".

נאָך שענער איז געווען. ווען מ'האָט איינעם פון די ניין יאַטן געכאַפּט און אַרעסטירט פאַר קלעפּן אויף די ווענט. זיינען אַוועק די איבעריגע אַכט און מ'האָט אַרומגעקלעפּט דעם פּאָליס־סטיישאָן,

דעם פּאַטרול־וואַגן, און אפילו דעם פּאָליסמאַן האָבן זיי אָנגעקלעפּט אויפן „בלויען ראָק" רויטע בלעטלאַך...

— וואָס איז? — האָט געזאָגט דער מוזיניקל — מיר מוזן ווייזן דער פּאָליציי, אַז מיר זיינען קאָמוניסטן: אַלע פאַר איינעם, און איינער פאַר אַלע.

ווי איר זעט, איז געבן עסן, אין אַ קריזיס, אַזאַ ארמיי זייער שווער און ביטער. אָבער אָנפירן אַ קאַמף מיט אַזאַ ארמיי קעגן די קאַפּיטאַליסטן, וואָס שאַפן דעם קריזיס, — אַזאַ יאָר אויף מיר!

# די בעסטע קרקע

אין א זונטאָג אינדערפרי זיץ איך מיר פאַרטראַכט:

— וואָס וועט זיין מאָרגן מיט א רזשאַב?

מיטאַמאָל דערהער איך א בראַזג אין טיר.

איך עפן די טיר, און עס קייקלט זיך אריין א איד פון א צוויי הונדערט פונט, סאָפּעט ווי א גאַנז, גלעטנדיג זיך איבערן פּעמפּיק:

זענט איר שעפטל דער ליפּסקער פון סוואַוואַלקער גובערניע?

— יע, — זאָג איך.

— איז גוט — זאָגט ער — אייך זוך איך טאַקע. מיר זיינען לאַנדסלייט. איר ווייסט דאָך: מ׳איז געבוירן געוואָרן צוזאַמען, ווילן מיר צוזאַמען ליגן אויף איין קרקע, בין איך געקומען אייך בעטן, איר זאָלט ווערן א מעמבער אין אונזער ברענטש פון „אַרבעטער״-רינג.

— א דאַנק אייך פאַר דער טובה — צעלאַך איך זיך — מיר אַרט ניט, אַז איך וועל ליגן אַליין...

— אָבער איר ווייסט דאָך — רוקט ער זיך נעענטער אין פאַדער־צימער — א מענטש מוז דאָך זיין ערגעץ אַנגעשלאָסן, איז פאַרוואָס טאַקע ניט צווישן אייגענע? אַט, מ׳איז דאָך ניט מער ווי א מענטש. היינט לעבט מען, מאָרגן שטאַרבט מען. נו, מיינט איר מיר צו זאָגן, אַז איר וועט זיך לייגן אין גאַס?

— אָבער, וואָס גייט אייך אַזוי אין לעבן — קוק איך אים אָן — וואו איך וועל ליגן? אַט, בין איך שוין דריי מאָל געלעגן מיט מיינע בעביכעס אין גאַס, אַרט עפּעס אייער „אַרבעטער״-רינג פאַר די אַר־בעטלאָזע, אַז אייך אַרט ניט פאַר מיין לעבן, טאָ וואָס אַרט אייך פאַר מיין טויט?

— איר פאַרשטייט — ווינקט דאָס אידל מיט איינער פון זיינע שמאָלציגע אויגן — מיר האָבן איצט א קאַמפּיין פאַר נייע מעמבערס, און פאַר יעדן נייעם מעמבער, וואָס איינער נעמט אריין, קריגט ער א סעט גאָפּל, מעסער און לעפל, אָדער א ניקלנעם קיטשן־סעט; פאַר צוויי מעמבערס — א בלו־פּלייט־סעט, א מעשענעם סאַמאָוואַר, אָדער

אַ מעשענע צוקער־פּושקע מיט אַ מעשענעם חנוכה־לאָמפּ. פאַרשטייט איר שוין: מיין ווייב חלש׳ט צו קריגן די צוקער־פּושקע מיט דער מעשענער מנורה׳לע. איז צו וועמען זאָל איך גיין? גיי איך צו די לאַנדסלייט. איר ווייסט דאָך ווי מ׳זאָגט: ביי אַ לאַנדסמאַן קריגט מען אַלעמאָל אַ „שאָו״...

— ביי מיר אָבער וועט איר קיין שאָו ניט קריגן — זאָג איך אים פעסט — ווייל איך וועל צו אייך ניט באַלאַנגען.

— וואָס רעדט איר, וואָס? — קלאַפּט ער מיר איבערן פּלייצע

— אָבער פאַרגעסט ניט דעם בענעפיט, וואָס איר קריגט ביי אונז: קריינקט מען — קריגט מען צען דאָלער אַ וואָך בענעפיט, און מ׳קאָן קריינקען וויפיל מ׳וויל; קריגט מען קאָנסאָמפּשאָן — גיבן מ׳יר אַכטונג ביז דער פּאַציענט שטאַרבט; שטאַרבט ער — קריגט ער ביי אונז די בעסטע קרקע. איר האָט נאָך אַזאַ קרקע ניט אָנגעזען: קיין שטויבעלע פאַלט ניט אויפן מת...

דער איד האָט זיך אַ וויש געטאָן דאָס פּנים און ווייטער גענומען רעדן:

— דאָן איז פאַראַן ביי אונז פון וואָס אויסצוקלייבן: ווילט איר אַ ריינע, אָרטאָדאָקסישע לויה — קריגט איר דאָס ביי אונז. אַ פּשוט׳ער ארון, אַ טויטן־וואָגן, אַ קאַר, וואָס ברענגט אייך אין שול אריין, און מ׳מאַכט אַ „מלא״, אַזש עס צעגייט אין אַלע אברים. און ווייל מען אַ כשרן ארון, אָן נעגל, דאָס הייסט: אָן טשוועקעס, האָבן מיר אויך. און קאָן איינער באַווייזן צו ספּענדן עפּעס עקסטרע, האָט ער אַ פאָלקאָמענע לויה — אויף אַלע אידישע קינדער געזאָגט געוואָרן...

— אָבער איך בעט אייך — צעלאַך איך זיך שוין, הערנדיג זיין צעטל, וואָס ער האָט מיר אויסגערעכנט — אויב ביי אייך איז אַזוי גוט צו שטאַרבן, טאָ צו וואָס לעבט איר אויף דער וועלט?

ער איז געוואָרן אַביסעלע ברוגז, אָבער ער האָט זיך באַלד ווידער גענומען צו דער אַרבעט:

— נו, נו, לאַנדסלייט מעגן אַביסל אַ שפּאַס טאָן, אָבער זעט איר, דאָס ניט באַלאַנגען צום אַרבעטער־רינג איז שוין ג א ר קיין שפּאַס ניט. אַ מענטש מוז באַלאַנגען, אַ מענטש ד א ר ף באַלאַנגען...

— געוויס, געוויס — ענטפער איך.

— אויב אזוי, טאָ פּילט טאַקע גלייך אוים דאָס קאַרטעלע — האָט ער שנעל אַרויסגעכאַפּט אַן אַפּליקאַציע־קאַרטל פון קעשענע — און זאָל מיין ווייב האָבן די מעשענע מנורה׳לע, און דערנאָך וועט איר אויך פאַרשלאָגן נייע מעמבערס, וועט איר אויך קריגן אַ מנורה׳־לע, אַ צוקער־פּושקע און אפשר גאָר אַ סאַמאָוואַר!

— געוויס! — זאָג איך און האַלט זיך ביי די זייטן פון געלעכ־טער — אַ מענטש דאַרף באַלאַנגען, און איך באַלאַנג טאַקע, אָבער ניט צום אַרבעטער־רינג, נאָר צום אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־אָרדן.

— אַזוי? אַ לינקער, הייסט עס, זענט איר? אַ קאָמוניסט — אונזערער אַ לאַנדסמאַן? שעמען מעגט איר זיך. און אפשר ווייסט איר גאָרניט ווי אַזוי איר זענט אַהין אַריינגעקראָכן? אָט זייט וויסן, אַז „אינטערנאַציאָנאַל״ איז אַ קאָמוניסטישע מאַכערייקע, און „אַר־בעטער״ האָט א ו י ך צו טאָן מיט די קאָמוניסטן, און „אָרדן״ איז גאָר פּשוט: דאָס איז אַן „אָרדער״ פון מאָסקווע, און וואָס זאָגט איר איצט אויף דעם?

איך האָב דעם אידל אַ ווײַלע אָנגעקוקט און פּלוצלונג אַ פרעג געטאָן:

— זעט, איך בעט אייך, פאַר וויפיל וואָכן, זאָגט איר, צאָלט מען ביי אייך בענעפיט?

— דאָס אידל האָט זיך דערפרייט און ווידער אַרויסגעכאַפּט דאָס אַפּליקאַציע־קאַרטל, ענטפערנדיג מיר אויף גיך:

— מ׳קאָן ביי אונז קריינקען ווי לאַנג מ׳וויל, מיט צען דאָלער אַ וואָך בענעפיט, מיט דרייצן און פופצן דאָלער אַ וואָך.

— איר קאָנט שוין שרייבן אַ פּאָסטל־קאַרט צו אייער האָספּי־טאַלער — האָב איך אים אַ זאָג געטאָן אין פּנים אַריין, אים אָנ־גענומען ביים קאָלנער און אַרונטערגעקייקלט פון אַלע טרעפּ, נאָכ־שרייענדיג אים:

— ליגט געזונטערהייט אין אייער „באָסעס־רינג״ און קריינקט ווי לאַנג איר ווילט....

# מיינע לענדלאָרדס

וואָס זאָגט איר: ניט אַלע לענדלאָרדס זיינען גלייך? בין איך מיט אייך איינשטימיג. עס זיינען פאַראַנען שלעכטע לענדלאָרדס, ערגערע און פּאַסקודנע. אָבער, זעט איר, איין זאַך מוז איך צו־געבן, אַז אַלע לענדלאָרדס זיינען וואָרטס־לייט: זיי האַלטן זיך אַלע־מאָל ביים ע ר ש ט ן ... צו קומען מאָנען די דירה־געלט.

ווייזט אויס, אַז לענדלאָרדס, ווי באָסעס, זיינען פאַראַן פאַר־שיידענע: הינט מיט גרויסע אויערן, און הינט מיט קליינע אויערן.

אַט וועל איך אייך דערציילן די דערפאַרונג, וואָס איך האָב גע־האַט מיט די לענדלאָרדס, וואו איך האָב געוואוינט.

צום ערשטן וועל איך אייך פאָרשטעלן מיין ערשטן לענד־לאָרד פון בראָנזוויל. גערופן האָט מען אים: „חצי־איד", ווייל ער האָט געטראָגן אַ האַלבע באָרד.

וועגן זיין באָרד זיינען אַרומגעגאַנגען פאַרשידענע לעגענ־דעס. איינער האָט געזאָגט, אַז נאָך אין צאַרן־לאַנד האָבן פּאָגראָמ־שטשיקעס אים אָפּגעסמאַליעט די האַלבע באָרד. אַ צווייטער האָט געזאָגט, אַז דאָס האָט זיין זיידע אים אַזוי פאַרשאָלטן, ווייל זיין טאַטע איז אַרומגעגאַנגען מיט שיקסעס. אַ דריטער האָט געזאָגט, אַז דאָס קומט אים פון דעם, וואָס ער קראַצט זיך אַלעמאָל אין דער זייט, טראַכטנדיג, ווי קאָן מען אָפּקויפן די גאַנצע גאַס מיט די הייזער. דאָס פלעגט מען אַלץ דערציילן לעגענדעס.

ניט־קיין־לעגענדעס האָט מען דערציילט וועגן זיין באָרד, אַז ער האָט ביי איינעם פון זיינע שכנים גענומען דירה־געלט און האָט זיך געמאַכט גע'פּגר'ט און ניט געגעבן קיין רעסיט, און מיט צוויי טעג שפּעטער איז ער ווידער געקומען מאָנען דירה־געלט. האָט דער שכן אָנגעהויבן חלש'ן פון שרעק, און ווען ער האָט זיך געוואָלט אָן עפּעס אָנכאַפּן, ניט אוועקצופאַלן, האָט ער זיך אַ נעם געטאָן אָן דעם לענדלאָרד'ס באָרד, און אַזוי איז געבליבן אַ האַלבע באָרד ביים שכן און אַ האַלבע — ביים לענדלאָרד.

נאָר ווי די מעשה זאָל ניט זיין — איידער דער לענדלאָרד איז געוואָרן לענדלאָרד, איז ער געווען אַ שדכן, אַ בדחן און אַ לקחן, און אַזוי האָט ער שוין צוזאַמענגעשלעפּט אַ וואַנט מיט אַ וואַנט, אויסגעבויט זיך אַ הויז און קלאַפּט דעם ערשטן אין טיר נאָך דירה־געלט.

מיין צווייטער לענדלאָרד איז שוין גראָד געווען דאָס, וואָס מ׳רופט „אַ דזשענטלמען". ערשטנס, איז ער געקומען נאָך רענט דעם צווייטן, און צווייטנס, איז ער פּשוט געווען אַ מענטש, וואָס האָט ליב געהאַט די שכנים. עס איז ניט געווען דער מאָנאַט, אַז ער זאָל ניט אַרומגיין מיט אַ פּאָר אונטערגעשלאָגענע אויגן פון די שכנ׳טעס פאַר זיין גרויסער ליבע צו זיי. וואָס איז? ווען ער פלעגט ביי זיי קריגן רענט, פלעגט ער זיי וועלן קושן דערפאַר. איז זיי דאָס ניט געפעלן — אַט אַזעלכע אומדאַנקבארע שכנים האָט ער געהאַט...

דאָ קומט שוין טאַקע אויס צו זאָגן: טאָמער טרעפט זיך אַמאָל, אַז אַ לענדלאָרד איז ניט קיין חזיר, איז ער — אַ דבר־אחר...

מיין דריטער לענדלאָרד, זעט איר, איז שוין געווען אַן אינטע־ליגענטער מענטש. ווען ער איז נאָר געקומען מאָנען רענט, האָט ער אַלעמאָל אוועקגעשלעפּט אַ פּאָר ביכער, און מיר דאַכט זיך, אַז ער איז אויך געווען מוזיקאַליש געשטימט, ווייל איך האָב אים איינמאָל פון אונטער דער פּאָלע אַרויסגעשלעפּט דריי רעקאָרדס: צוויי קאַרו־זאָ׳ס, און איינער מישאַ עלמאַנ׳ס...

דער פערטער לענדלאָרד מיינער, זעט איר, איז שוין געווען אַ ושוליק —ער האָט געקאָנט אַ מענטשן אויסטאָן די זאָקן, ווען יענער האָט געטראָגן די שיך. און ניט אומזיסט פלעגן די שכנים פאַרמאַכן די מיילער, ווען ער איז אַריינגעקומען אין הויז — ביי אים איז ניט שווער געווען אַרויסצו׳גנב׳ענען ביי איינעם אַ גאָלדענעם צאָן פון מויל...

מיין פינפטער לענדלאָרד איז שוין גראָד געווען — ווי מ׳זאָגט — אַ היימישער מענטש. אַלעמאָל איז ער געקומען, ווען מ׳האָט געגעסן, און ער האָט זיך קיינמאָל ניט געלאָזט בעטן. האָט מען אים גע־זאָגט: „קומט עסן", — האָט ער צוגערוקט דעם שטול. האָט מען אים גאָרניט ניט געזאָגט, האָט ער זיך סיי־ווי אוועקגעזעצט. חוץ דעם איז ער אַלצאיינס געווען אַלעמאָל נאָענט פאַרבונדן מיט די שכנים. אַזוי, צום ביישפּיל, האָט ער „קאָנעקטעט" די גאַז־פּייפּ פון זיינע

צימערן מיטן געז־מיטער פון איינעם פון די שכנים, און דער שכן האָט געצאָלט פאַר אים דעם געז־ביל. דאָסזעלביגע האָט ער געטאָן מיט א צווייטן שכן מיט די עלעקטריק. איז, ווי איר זעט, איז ער אלעמאָל געווען „פאַראייניגט" מיט די שכנים...

מיין זעקסטער לענדלאָרד — מיין לעצטער לענדלאָרד, וואו איך האָב געוואוינט, איז געווען אן „אלד בעטשלער", אָדער — ווי ער איז באַקאַנט געווען צווישן די שכנים אין גאַס — דער אַלטער באָק.

אַט־דער אַלטער באָק איז געווען אזוי קאַרג, אז ווען ער איז געגאַנגען קאָלעקטן די רענט, פלעגט ער שפּאַנען דריי־פיר טרעפּ מיטאמאָל — צו שפּאָרן די שיך און ניט אָפּצורייבן די טרעפּ, שוין ניט רעדנדיג פון דעם, וואָס ער האָט זיך אליין ניט געגלויבט און פלעגט אזוי א דריי־פיר מאָל א טאָג איבערציילן די ציגל פון זיין הויז, צי האָט, חלילה, אימיצער ניט ארויסגעשלעפּט א ציגל פון וואַנט...

דער לענדלאָרד מיינער איז אויך געווען מיינער א טענענט: ער האָט געדענט א צימער פון די פיר צימערן, וואָס איך האָב גערענט ביי אים.

פּונקט דעם ערשטן פלעגט ער שוין אריינקומען בעטן זיין רענט, און אז איך האָב ביי אים געבעטן רענט דעם דריטן אָדער דעם פערטן, פלעגט ער שרייען, אז איך רייס אים די פּאָלעס...

אזוי פלעגט אָלע מאָנאַט זיין א רייסעריי: ער פלעגט שרייען, אז איך זאָל א י ם געבן רענט, וועט ער מ י ר געבן רענט, און איך פלעג שרייען, אז ווען ער וועט מ י ר געבן רענט, וועל איך א י ם געבן רענט...

אזוי איז א שיינעם טאָג מיין לענדלראָד געקומען מיט אן אָרדער, אז איך מוז זיך ארויסקלייבן פון די צימערן, און אויפן צווייטן טאָג איז שוין געקומען א מאַרשאַל מיט א פּאָר בויאַנעס און מ'האָט זיך גענומען „ארויסשטעלן". דער סוף איז געווען, אז דער מאַרשאַל האָט געטראָגן אין גאַס מ יי נ ע זאכן, און איך מיט די שכנים — דעם ל ע נ ד ל אָ ר ד ' ס זאכן.

אינאָוונט, ווען דער לענדלאָרד איז צוגעקומען צום הויז, איז ער איבערראַשט געוואָרן, ווען ער האָט געטראָפן די טענענט־קאָמיטע טראָגנדיג מיינע זאכן צוריק אין די צימערן, און אים, דעם לענדלאָרד האָבן מיר „ארויסגעשטעלט" אין גאַס...

# דער באַלעבעסלדיגער פּיינשמעקער

(אַ ט י פּ אַ ז אַ)

זייט באַקאַנט:

דאָס איז מיסטער שפּריירעגן, דער אידישיסט, קולטוריסט און פּיינשמעקער.

וואָס קוקט איר? אויף זיין גראָבן פּעמפּיק? דאָס וויל ער באַווייזן דער וועלט, ווי מיאוס עס איז זיך אָפּצוגעבן מיט דער אכילה, טראָגט ער דעם בויך פאָרוים און סטראַשעט דער וועלט: מענטש, ווער אַ מענטש, ווער אַ קולטוריסט!

דעם שטעקן טראָגט ער ניט, חלילה, ווייל די פיס טוען אים ווי, נאָר — ווי זאָגט דער באַרימטער שרייבער פאַר זיינע לעזער? — יעדער מענטש מוז האָבן אַן אָנשפּאַר... איבערהויפּט אַזאַ שטעקן, וואָס קומט דורך אַ געליבטער פון אַ פּרינץ, מוז יעדערער צוגעבן, אַז דער הונט — איך מיין: דער „קולטור־מענטש" — איז ווערט דעם שטעקן.

אפילו די פּענסנע אויף דער נאָז טראָגט ער ניט, חלילה, ווייל ער איז בלינד, נאָר ווייל ער וויל בעסער זען די וועלט. און אַלגעמיין איז אַ קולטורעלער מענטש אָן פּענסנע ווי אַ מאַלפּע אָן אַן עק: מ'קאָן נאָך מיינען, ס'איז גלאַט אַ מענטש...

דאָס, וואָס איר זעט אַלע ווײַלע דעם אידישיסט־קולטוריסט אַרויפּטאָן און אַרונטערנעמען די פּענסנע, ווייזט נאָכאַמאָל, אַז אַ „איד־קולט" איז ניט אַבי־וואָס, ווי זאָגט מען דאָס...

טראָגט ער די פּענסנע אויף דער נאָז, זעט ער די וועלט, נעמט ער אַרונטער די פּענסנע, זעט ער וואָס עס טוט זיך ביי אים אונטער דער נאָז...

מיסטער שפּריירעגן — ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, אָדער געטראַכט צו זאָגן — האָט זייער ליב קולטור. פאַרשטייט זיך, כשר, געקאָכט אין אידיש, הייסט דאָס. פאַר אַ קולטורעלן וואָרט קאָן ער אינמיטן פון צווייטן אַקט אַנטלויפן פון טעאַטער אין הויז אַריין

און דורכמישן דעם גאַנצן ווערטער־בוך, דערנאָך, פאַרטאָג, אַוועק־רייסן דעם שווישפּילער פון קאַרטן־טיש אין קאַפּיי און צו אים אַ זאָג טאָן:

— פון היינט־אָן און ווייטער, אָנשטאָט צו זאָגן אויף דער סצענע: „פאַרכוטש", באַנוץ דעם שיינעם, קולטורעלן אויסדרוק: „דו טראָגסט אַ טייפל־קרוין אויף דיין קאָפּ"...

מיסטער שפּריירעגן טראָגט שטענדיג מיט זיך אַ גייסטיגע באַרשט, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אויסצושטויבן און אויסצו־באַרשטן די מענטשלעכע נשמה...

ער איז, ווי מען זאָגט, אַן עסטעט. אַ ריינער קראַוואַט איז אים וויכטיגער, ווי אַ ריינע באַוועגונג. אָט, צום ביישפּיל: עסן הערינג, זאָגט ער, מיט די הענט, איז — פע! אַזוי פע, ווי עסן אַ צימעס־פלייש מיט געפילטע קישקע און ניט האָבן אַ קריגעלע וויין (באַמערקט דאָס שיינע, אידיש־קולטורעלע וואָרט: קריגעלע) ביי דער זייט...

זען אַן ארבעטער זיך זעצן צום טיש אין די אָוועראָלס עסן, איז ווי ער וואָלט דערזען אַן ענגליש וואָרט אין אַ אידיש בוך אַן געענדזן־פיסלאַך. פון אַזאַ אומגליק קאָן ער פאַרלירן אַ פונט פון דאָס בעסטע...

איז ווי איר זעט, האָט „איד־קולט" אַ זייער הויכע באַדייטונג. און טאַקע דערפאַר טרעפט איר אַזוי אָפט מיסטער שפּריירעגן אין דער העבערער געזעלשאַפט — אין דער העבערער וועלט, אויף די העבערע שטולן. ער איז פּרעזידענט אין צוויי און צוואַנציג סאָסייע־טיס, ווייל דער פּרעזידענט־שטול שטייט אַלעמאָל העכער, און קולטור, זאָגט ער, מוז זיך אַלעמאָל אָנזען...

ס'איז אמת, אַז מ'טרעפט אַמאָל מיסטער שפּריירעגן אין דער אונטערוועלט. אָבער דאָס איז — ווי זאָגט ער — צוליב ספּעציפישע סיבות, וואָס קולטור מוז אַמאָל אַראָפּנידערן צו קולטיווירן די אונ־טערוועלט אין אַן אויבער־וועלט...

טאָמער טרעפט איר אַמאָל דעם מיסטער שפּריירעגן, פירנדיג אַ קאַמף מיט אַ ריפּ־סטייק, האַלטנדיג דעם עק ביין מיט די פּשוט'ע, נאַקעטע פינגער, זייט וויסן, אַז אינאַוונט וועט מיסטער „איד־קולט" האַלטן אַ פאַרטראַג איבער „וועגעטאַריזם — דער ציל פון קולטור־מענטש"; „פלייש עסן — אַ געפאַר פאַר דער אַנטוויקלונג פון קולטור", אָדער „ריפּ־סטייק, קולטור און דער מאָגן".

ווי איר זעט, האָט מיסטער שפּריירעגן ליב צו רעדן מיט אַרגו־מענטן, געבויט אויף פאַקטן.

דאָסזעלביגע איז, ווען איר טרעפט אים אין אַ וויין־קעלער מיט אַ בלאָנדער שיקסל אויפן שויס, מעגט איר זיכער זיין, אַז דאָס איז פאַרן צוועק פון קולטור־וויסנשאַפט, ווייל דעמזעלביגן אויפדער־נאַכט וועט איר הערן דעם דר. שפּריירעגן רעדן וועגן „ליבע פון מענטש צו מענטש"; „ליבע צו גאָט און ליבע צו שיקסעס", אָדער „די ליבע פון אידישן פאָלק צו דער אידישער קולטור".

ווי שוין געזאָגט, האָט דר. מיסטער שפּריירעגן ליב צו רעדן מיט אַרגומענטן, געבויט אויף פאַקטן...

אַ רחמנות איז נאָר אויף דעם מיסטער שפּריירעגן, ווען ער באַגעגנט זיך פּנים־אל־פּנים מיטן פּראָלעטאַריאַט. עס טרעפט אים דאַן ווי אַ שטורעמווינט אין ווייסאַפּל פון אויג. דאַכט זיך, אַ שטויבעלע, און דיר הויבט־אָן פון דעם אויג צו טרערן...

איר פאַרשטייט, זאָגט ער, עס איז ניט אַזוי דער ווייטאָג פון אויג, ווי די חוצפּה פון אַ שטויבעלע צו קריכן אין די העכערע ספערן און טרעפן אין פּינטל אריין...

וואָלט איר טאַקע געמעגט אַ קוק טאָן, ווען מיסטער „איד־קולט" גייט פאַרביי אַ „פּיקעט־ליין", אָדער אַ דעמאָנסטראַציע פון אַרבעטער. דער קולטורעלער בויך ווערט איינגעשרומפּן. די פּענסנע גליטשן זיך אַרונטער פון דער נאָז. די צוויי הונדערט מיט זעכציג פונט קולטור לעגן זיך אָן אויפן שטעקן צו הערן די „גראָבע רייד" פון דעם פּראָסטן „נאַראָד", כדי דערנאָך צו קאָנען געבן אַרגומענטן, געבויט אויף פאַקטן...

עס וואָלט אים שוין ניט אַרן, זאָגט ער, וואָס מ׳רעדט רעוואָלו־ציאָנערע רייד, נאָר ווען מ׳רעדט דאָס אין אַ דעליקאַטער שפּראַך, און דאָ הערט ער אַזויפיל פּראָסטע ווערטער אין ענגליש, שפּאַניש, כינעזיש, און אפילו די, וואָס רעדן אידיש, וואַרפן אויך אַריין אַזעלכע פּראָסטע ענגלישע ווערטער, ווי „סעק", „סלעק", „אַנעמ־פּלאָימענט אינשורענס", „קריזיס", „ספּיד־אַפּ", „ראַציאָנאַליזאַציע" און נאָך אַזעלכע ווערטער, וואָס פאַרשוועכן דאָס אידיש־קולטורעלע וואָרט...

מיסטער שפּריירעגן שטייט אַזוי און שאָקלט זיך איבערן שטעקן, איבערזעצנדיג כאָטש פאַר זיך אַליין די ווערטער אין אַ שיין־גע־

טאַקטן אידיש, און פעלט אים א וואָרט, כאַפּט ער אַרויס פון קעשענע דעם ווערטער־בוך און ראַטעוועט די „איד־קולט".

פונדעסטוועגן, זאָגט ער, האָט ער ליב צו באַזוכן די אונטער־נעמונגען פון די פּראָלעטאַריער. די יונגע זייערע, זאָגט ער ווידער, „שאַפט אַטמאָספערע" פאַר זיין פיינשמעקערישער נאָז.

ער קומט צו אַ פּראָלעטאַרישער אונטערנעמונג און שליסט באַ־קאַנטשאַפט מיט אַ מיידל און באַקלאָגט זיך: די פּאַנאָראַמע אין דעם זאַל אויף די ווענט שאַפט ניט די נויטיגע שטימונג.

— שטימונג פון די ווענט? — צעלאַכט זיך די באַקאַנטע — ווער הייסט דאָס מענטשן צו קריכן אויף די ווענט? מ'גייט אויף דער פּיקעט־ליין, דאָרטן איז פאַראַן שטימונג.

— פּיקעט, פּיקעט, פּיקעט — גיט מיסטער שפּריירעגן אַ קיי־איבער די ווערטער — לאָמיר זיך זעצן טרינקען אַ גלעזעלע וואַסער, און לאָמיר עפּעס זינגען, פאַרגעסן דאָס פּראָזאַאישע.

די באַקאַנטע קוקט אים אָן און זעצט זיך.

ער, מיסטער שפּריירעגן, גיט אַ גנב'ע־אונטער דעם בויך אונ־טערן טיש און קוקט מיט זיינע שמאָלצענע אויגן דער באַקאַנטער אין מויל אַריין.

די באַקאַנטע צעזינגט זיך:

„ווי אַר דהי בילדערס,
ווי בילד דהי פיוטשור"...

דער באַלעבעסלדיגער פיינשמעקער ווערט אויפגעקאָכט:

—„פיוטשער, אוטשער, בוטשער, קוטשער". זינגט עפּעס פון יענע לידער.

די באַקאַנטע גיט אַ וואָרף אויף אים אירע אויגן, און ער הויבט־אָן צו זינגען:

„אין וועלדל ביים טייכל
דאָרט זיינען געוואַקסן".

— מיסטער — צעלאַכט זיך די באַקאַנטע — וואָס זענט איר? מיר זיינען פּראָלעטאַריער, קעמפער, קאָמוניסטן.

— איך? — כאַפּט שוין קולטור אַרויס דעם בויך פון אונטערן טיש — איך בין אַ אידישיסט־קולטוריסט.

— אַזוי — לאַכט געשמאַק די באַקאַנטע — פאַרדינט איר כאָטש גוט ביי דעם פאַך?

— מאָדנע מענטשן — ווערט שוין מיסטער שפּריירעגן ברוגז — פאַראַן אַזויפיל שיינע ווערטער אויף דער וועלט, ווי „פּסיכאָלאָגיע", „אַנטאָלאָגיע", „פילאָלאָגיע", „געאָלאָגיע", „אַסטראָנאָמיע", „פיזיאָנאָמיע", "אויטאָנאָמיע", „דאַרוויניזם", „סקעפּטיציזם", „ציניזם" — געפעלט זיי נאָר דאָס וואָרט: „קאָמוניזם". פע, די קאָמוניסטן, פע!

די באַקאַנטע שיסט־אויס אַ געלעכטער דעם „קולטורניק" אין פּנים אַריין און רוקט זיך אַוועק פון אים.

מיסטער שפּריירעגן, דער פיינשמעקער, ווייסט שוין אָבער וואָס מען טוט אין אַזאַ פאַל — ער נעמט אַרויס זיין זיידן נאָזטיכל, ווישט־אויס די בלאָנדע וואָנצעס און לאָזט זיך אַוועק זוכן אַנאַנדער קרבן צו מאַטערן מיט זיין פיינשמעקערישן וואָרט, רעדן מיט פאַקטן, געבויט אויף אַרגומענטן...

# אין דער נאָענטער צוקונפט

דער ערשטער מאַי. די זון מיט אירע גליענדיגע שטראַלן האָט דערוואַרעמט אַלץ, וואָהין זי האָט נאָר געקאָנט דערגרייכן.

אין שטאָט איז יום־טוב׳דיג. אין אַלע פענצטער הייגגט די רויטע פאָן.

חבר סיימאָן ליגט אויסגעצויגן אויף דעם לעדערנעם שטול פון זיין עראָפּלאַן, וואָס איז צוגעקנעפּלט צום שפּיץ דאַך פון הויז, האַלט די אויגן צעעפנט און קוקט זיך צו צו אַ בייטאָגעדיגער „מאָווי״ אויפן הימל, וואו עס ווערט געשילדערט די שווערע לאַגע פון די איינוואוינער אויפן שטערן מאַרס, און ווי אַזוי מ׳שליסט דאָרט די טויערן פאַר „פרעמדע״...

דער זייגער שלאָגט צוועלף. סיימאָן נעמט־אַרויס פון קעשענע אַ קעסטעלע און פון קעסטעלע — אַ פּיל, שלינגט־איין זיין מיטאָג און גלייך פאַרטרינקט ער מיט אַ צווייטן פּיל און קוקט ווייטער אויף דער „מאָווי״.

פעני, זיין ווייב, שפּאַנט אַרום איבערן הויז און לייענט געשיכטע, ווי אין אוואַנצירטסטן יאָרהונדערט פלעגן פרויען שטיין אַרום אַ פייער און קאָכן עסן אין טעפּ, און די מענטשן פלעגן, ווי חיות, זיך אַרומזעצן אַרום אַ טיש מיט גרויסע טעלער, גאָפּל און מעסער, און פלעגן עסן גאַנצע בערג עסנוואַרג. און טאָמער איז דאָס נאָך געווען ווינציג, פלעגט מען נאָך אַרויספאָרן אין די זומער־מאָנאַטן אויף הויכע בערג, כדי מ׳זאָל קאָנען עסן דאָפּלטע פּאָרציעס. מענער פלעגן אויך נאָך דעם מאָלצייט אינדערהיים זיך אַריינכאַפּן אין אַ פרעסאַרניע, וואָס מ׳האָט גערופן „רעסטאָראַן״, און באַצאָלן אַזעלכע געלט, וואָס האָט געהייסן „אַ דאָלער מיט אַ קוואָדער״ פאַר אַ רעגעלן מאָלצייט.

פעני האָט זיך פאַרטראַכט אַ ווײַלע און פּלוצלונג אויסגערופן:

— סיימאָן, גיב נאָר אַ דריי דאָס קנעפּל. עס איז מיר דאָ געפערלעך הייס. לאָז לויפן אַביסל רעגן מיט אַ קאַפּעלע ווינט.

פעני האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער וועראַנדע מיט אַביסל פּריש־געמאַכטע לופט אַרום זיך, דערפרישט זיך פון דעם טרוקענעם רעגן און שטילן ווינט.

סיימאָן האָט זיך אַרונטערגעלאָזט מיט זיין „פּאַראַשוט" פון עראָפּלאַן, זיך אַוועקגעזעצט לעבן פעני'ן און זי אַרומגענומען.

פעני האָט זיך צעלאַכט:

— דיר געפעלן די אַלטע מעטאָדן? שעמען מעגסטו זיך, שטיק פאַרגאַנגענהייט וואָס דו ביסט... ווייסטו גאָר וואָס, סיימאָן, אַט זיי אַ גוטער, שפּיליע־אָפּ דעם עראָפּלאַן און כאַפּ זיך אַריבער קיין פּאַריז און געפין אויס דעם פּראָגראַם פאַר היינט אָוונט.

— איך קאָן ניט — האָט סיימאָן געענטפערט — איך האָב היינט אַ מיטינג אין מאָסקווע, וואו איך האָב חשק צו זיין.

— אָבער, סיימאָן — האָט פעני אים אַרומגענומען ווי אַמאָליגע יאָרן — ווי לאַנג וועט דיר דאָס נעמען? דו וועסט נאָך קאָנען זיין צוריק און ווידער פאָרן.

— גיי שוין, גיי! — האָט ער זיך צעלאַכט — וואָס מיינסטו, פון ניו יאָרק ביז פּאַריז גערדויערט דיר עפּעס אַ מינוט? דאָס דאַרף געדויערן אַ גוטע שעה.

— איך מוז אָבער דאָס וויסן — האָט פעני זיך געבעטן ביי אים.

— וועל איך דיר זאָגן — האָט סיימאָן איר גע'עצה'ט — גיב אַ קלינג־אָן אין פּאַריז, און זאָלן זיי דיר דורכן לופט־עקספּרעס אַרויסשיקן אַ פּראָגראַם.

—אַ שיינעם דאַנק דיר! — האָט פעני געשמייכלט — דו פאַרגעסט, אַז היינט איז יום־טוב, און דער לופט־עקספּרעס פליט ניט. דו פאַרגעסט אינגאַנצן, אַז דער ערשטער מאַי איז אַ געזעצ־לעכער אַרבעטער־יום־טוב אין די פאַראייניגטע סאָוועטן.

— טאָ פלי אַליין — האָט סיימאָן איר דערלאַנגט דעם שליסל, — נעם דעם עראָפּלאַן און פלי.

— אַ שיינעם דאַנק דיר נאָכאַמאָל — האָט פעני געענטפערט — איך האָב היינט אינדערפרי גערעדט מיט חבר'טע ראָוז פון קאַ־ליפאָרניע, אַז מיר זאָלן היינט פליען צו אַ „מאַטינע" אין כינעזישן רויטן טעאַטער, און זעסט? דער זייגער איז שוין באַלד איינס.

— אַזוי! — האָט סיימאָן זיך אַ שטעל געטאָן — דו ווילסט זיין אין כינעזישן טעאַטער בייטאָג, און אין אָוונט אין פּאַריז!

דאָס, טייערע, איז שוין אַביסל צופיל אפילו אין אַזא גרויסן יום־טוב־טאָג.

פעני, דערהערנדיג סיימאָנ׳ס פעסטן באַשלוס, האָט זיך צע־לאַכט:

— וואָס מיינסטו, דו וועסט ניט האָבן קיין כוח אויפצושטיין צו דער אַרבעט?...

סיימאָן האָט זיך א צי געטאָן אויפן שטריק צו דעם עראָ־פּלאַן און א שמייכל געטאָן:

— אָבער צו וואָס דאָס רעדן? ווייסט דען ניט, אַז היינט, אין אינטערנאַציאָנאַלן רויטן טאָג, דאַרפן אַלע אַרבעטער פייערן דעם יום־טוב איבעראַל.

— אויב אַזוי — האָט פעני א וואונק געטאָן — גיי איך היינט ניט אין טעאַטער און דו וועסט ניט פליען צום מיטינג קיין מאָסקווע. מיר וועלן כאַפּן א פלי קיין וואַשינגטאָן צום רויטן הויז און וועלן פאַרברייננגען ווי ביי זיך אינדערהיים.

# „פרייע" אַמעריקע

(אַ קאַמפּיין־מעשה'לע)

יאַרענלאַנג איז בעני „דזשאָוקער" געווען אַן אַריינגייער אין קוק'ס סאַלון (אַ פעסטונג פון טאַמאַני־האָל). אַזוי־אַרום האָט ער זיך באַקאַנט מיט אַלע פּאָליטישנס און איז געווען מיט זיי „פּער־דו"...

בעני האָט זעלטן־ווען געאַרבעט, — זיין סעזאָן איז געווען אין צייט פון סטרייק: צושטעלן סקעבס און „שטאַרקע" פאַר די באַלע־באַטים. אַזוי איז ער געזעסן גאַנצע טעג אַרום די טישלעך, וואו די דזשאַדזשעס און אַנדערע, קלענערע פּאָליטישנס פון דיסטריקט פלעגן זיצן ביז שפּעט אינאַוונט און שפּילן קאָרטן. בעני, אָדער ווי די קאָרטן־שפּילער האָבן אים גערופן מיטן צו־נאָמען „דזשאָוקער", ווייל ער איז אַלעמאָל אַריינגעפאַלן אינמיטן שפּיל מיט אַן עצה, פלעגט אַזוי־אַרום כאַפּן אַ נאַש, אַמאָל אַ שנאַפּס, אַמאָל אַ גלאָז ביר, און גאַנץ אָפט טאַקע אַ פּאָר טאָלער פון דעם געווינער.

בעני איז אָבער ניט געווען קיין פוילער. בעני האָט געוואָלט „אַר־בעטן", נאָר — ניט אין קיין שאַפּ. זיין וואונטש איז געווען צו קריגן אַ דזשאָב, ווערן אַ פּאָליטישן אין דער שטאָט ניו יאָרק.

דערפאַר טאַקע איז קיינער זיין גלייכן ניט געווען, ווען דער קעפּטן פון דיסטריקט האָט אָנגעזאָגט בעני'ן, אַז ער האָט פאַר אים געקראָגן אַ שטאָטישן דזשאָב, צו ווערן אַ גאַסן־קערער, און טאַקע אין דערזעלביגער גאַס, וואו דער סאַלון האָט זיך געפונען.

אַ גליקלעכער האָט בעני אַרומגעמאַרשירט איבער דער גאַס אין זיין ווייסער יוניפאָרם. ביי זיך אינדערהיים האָט בעני געפאָדערט פון זיין פרוי און קינדער גאָר אַן אַנדער רעספּעקט צו זיך, און ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער דערמאָנט:

— איך? איך אַרבעט פאַר דער רייכסטער שטאָט אין דער וועלט. איך האָב אַ רעגירונגס־דזשאָב!

אַזוי האָט ער שטאָלצירט מיט זיינע ווייסע פלודערן, ווי אַ יונגער פּאָליסמאַן מיט זיין מעשענעם קנעפּל...

בעני האָט דערפאַר געטראַכט צו זיך, ווי אַזוי ביי אַ געלעגנ־הייט אָפּצודינען זיין „באָס”. און די געלעגנהייט איז געקומען, ווען עס האָבן זיך אָנגעפאַנגען צו דערנענטערן די פּאָליטישע וואַלן.

מער ווי ווען עס איז פריער איז בעני געוואָרן ביזי מיט אָפּ־ברעכן די קאָמוניסטישע גאַסן־פאַרזאַמלונגען. ער האָט אָרגאַניזירט זיינע שלעגער צו וואַרפן שטיינער, גיסן וואַסער דורך די פענצטער, אויפרייסן שטינק־באָמבעס. אַחוץ דעם האָט ער אויך ניט גערוט: געלאָפן פון הויז צו הויז צו באַווייזן די בירגער, ווי גוט עס וועט זיי זיין, ווען זיי וועלן שטימען פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער פּאַרטיי. און ער פלעגט דערביי אָנווייזן אויף אַ פאַקט, ווי אַזוי ער אַליין איז דערהויבן געוואָרן אַדאַנק דעם, וואָס ער האָט שכל געהאַט... און אַלעמאָל געשטיצט די ריכטיגע קאַנדידאַטן...

נאָכדעם ווי בעני האָט שוין „באַארבעט” זיין דיסטריקט, האָט ער זיך גענומען צו אָרגאַניזירן זיין אייגענע פאַמיליע. ער האָט צוזאַמענגערופן זיינע אַלע פריינט און באַקאַנטע און מיט זיי איינ־גע'טענה'ט. צום ערשטן האָט ער זיך גענומען צו זיין שווער, וועלכער איז געווען אַ פּרעזידענט אין אַ שול, און געהאַלטן פאַר אים אַ רעדע, ווי ער וואָלט גערעדט פון אַ זייף־קעסטל אַרונטער:

— הערט, שווער לעבן, ווילט איר, אַז אייער טאָכטער זאָל האָבן ברויט? ווילט איר, אַז אייער איידעם זאָל אַרבעטן פאַר דער רעגירונג? מוזט איר שטימען פאַר מיין פּאַרטיי! ווארים טאָמער פאַלט דורך מיין קאַנדידאַט, איז אייער טאָכטער אַ פאַרפאַלענע...

דער שווער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, און בעני האָט זיך גענומען צו די איבעריגע.

— פריינט! — האָט ער אויסגעשריען — ווילט איר האָבן נחת כאָטש פון איינעם פון דער משפחה, וואָס אַרבעט דירעקט פאַר דער רעגירונג, וואָס האָט אַ שטאַטישן דזשאָב אין דער רייכסטער שטאָט אין דער וועלט? טאָ שטימט פאַר מיין קאַנדידאַט!

דערנאָך האָט ער צוגערופן זיין פרוי און איר אָנגעזאָגט וואָס צו טאָן, ווי צו רעדן מיט די שכנים.

נאָך דעם אַלעמען, האָט ער זיך געטראַכט, וועט ער איצט דאַרפן זיך דורכרעדן מיט זיינע פיר זין. און ווען ער האָט זיך דערמאָנט פון די זין, איז אים אַ שוויים אַרויס אויפן פּנים.

ער האָט זיך דערמאָנט, אַז די זין גייען עפּעס אינגאַנצן אַוועק אין אַנדערע וועגן. דער עלטערער זון, דזשייק, אַרבעט אין אַן אָפּיס אויף וואָל סטריט. זיין „באָס" איז אַ רעפּובליקאַנער און, פאַרשטייט זיך, אַז ער וועט דאָך מוזן שטימען ווי זיין באָס וויל; דער צווייטער זון, היימי, איז שוין גראָדע אַ דעמאָקראַט און ער וואָלט זיכער געשטימט ווי דער טאַטע שטימט, איז אָבער אַ צרה, וואָס זיין ווייבל, מיט וועמען ער האָט ניט לאַנג חתונה געהאַט, איז גראָדע די טאָכ־טער פון אַ רעפּובליקאַנער, און ער וועט זיכער ניט וועלן פאַרלירן די ירושה, וועט ער מסתמא שטימען ווי די ווייב וועט אים הייסן...

דער דריטער זון איז גאָר צו אַלע צרות געוואָרן אַ סאָציאַליסט. ניט, חלילה, דערפאַר, ווייל ער גלויבט אין סאָציאַליזם, נאָר ער וועט מוזן שטימען צוליב זיין שותף, מיט וועמען ער האַלט־אַן אַ „רעקעט" איבער אַ יוניאָן.

וועגן דעם פערטן זון, דאָס מוזיניקל, וועגן אים האָט זיך שוין בעני גאָר שטאַרק פאַרטראַכט.

דאָס מוזיניקל איזילע האָט זיך באַקאַנט מיט קאָמוניסטן, און אַריינקומענדיג אַ צוויי מאָל אין זייערע העדקוואָדערס, האָט ער אויסגעטאָן די יוניפאָרם פון די „באָי־סקאַוטס" און איז געוואָרן אַ „פּיאָנער".

בעני האָט זיך אַ וויש געטאָן דעם שוויים און צוגערופן זיין פרוי זיך אַן עצה האַלטן ווי צו ראַטעווען דעם שטאַטישן דזשאָב און קריגן דעם „סופּאָרט" פון די קינדער פאַר זיינע קאַנדידאַטן.

— ווייסטו וואָס — האָט די פרוי אים געראָטן — אינאַוונט, ווען די קינדער וועלן אַהיימקומען, וועלן מיר ביידע זיך דורכ־רעדן מיט זיי.

— גוט! — האָט ער צוגעשטימט — די קינדער וועלן מיר דאָך ניט לאָזן פאַרלירן אַ שטאַטישן דזשאָב אין דער גרעסטער שטאָט פון דער וועלט — האָט בעני מיט זיכערקייט אַרויסגערעדט.

אינאָוונט האָט בעני זיך ברייטלעך צעזעצט אין שטול און גע־נומען צורופן זיינע קינדער.

— דזשייק! — האָט ער אַ רוף געטאָן דעם עלטערן זון — וועסט מיר העלפן אין דעם קאַמפּיין צו דערוויילן מיין קאַנדידאַט? אויב ניט, פאַרליר איך מיין שטאַטישן דזשאָב מיט מיינע ווייסע הויזן...

דער זון האָט זיך צעלאַכט:

— מיין קאַנדידאַט איז מיר טייערער. אויב דו שטייסט אין געפאַר צו פאַרלירן די ווייסע הויזן, שטיי איך אין געפאַר צו פאַר־לירן מיינע „באַנדס״. איך שטים פאַר מיין „באָס״!

די מאַמע האָט שוין צוגערופן דעם צווייטן זון.

— היימי — האָט די מאַמע מיט ליבע אַ זאָג געטאָן — זאָג מיר, קינד מיינס, מיט וואָס וועסטו העלפן דעם טאַטן אין קאַמפּיין?

— מיט גאָרניט! — האָט היימי קורץ און שאַרף געענטפערט — איך בין אומפּאַרטייאיש, ווער עס באַצאָלט בעסער, פאַר דעם שטים איך... און איך האָב שוין געקראָגן באַצאָלט!

בעני האָט שוין מיט כעס אַ רוף געטאָן דעם דריטן זון, דעם „סאָציאַליסט״.

— פאַר וועמען וועסטו אַרבעטן אין דעם קאַמפּיין? — האָט בעני בייז אַ פרעג געטאָן.

— פאַר זיך! — איז קלאָר געווען דער ענטפער פון דעם דריטן זון.

— נו, — האָבן טאַטע־מאַמע זיך געווענדט צו דעם מוזיניקל — איזילע, פאַר וועמען וועסטו אַרבען און העלפן אין דעם וואַל־קאַמפּיין?

— פאַר די אַרבעטער, פאַר די קאָמוניסטן, פאַר די, וואָס ווילן העלפן אַלעמען און ניט נאָר זיך אַליין — האָט דער יונגער פּיאָנער דרייסט געענטפערט זיין טאַטע־מאַמע.

— אָבער — איז דער טאַטע אויפגעשפּרונגען — אָבער ווען דו וועסט מיר העלפן צו דערוויילן מיינע קאַנדידאַטן, האָבן מיר דאָך אונזער אַמעריקע!

— אָבער — האָט דער פּיאָנער זיך צעלאַכט — ווען מיר וועלן זיגן, וועלן מיר האָבן די גאַנצע וועלט!...

נאָך דעם געשפּרעך איז קלאָר געוואָרן פאַר בעני׳ן דער ריס אין דער משפּחה, און מיט דעם וויטערן גאַנג פון דעם קאַמפּיין איז דער ריס אַלץ ווייטער געגאַנגען.

אינאָוונט, ווען בעני איז געשטאַנען אין זיינע ווייסע הויזן און גערעדט פאַר טעמעני־האָל, האָט זיך דערהערט פון אַ צווייטן ראָג אַן אַטאַקע פון זיין זון דעם רעפּובליקאַנער, מיט באַשולדיגונגען, אַז טעמעני איז קאָרופּט. פון אַ דריטן ראָג האָט דער דריטער זון, דער „סאָציאַליסט״, געוואָרפן באַשולדיגונגען, אַז די רעפּובליקאַנער

זיינען פונקט ווי די דעמאָקראַטן, נאָר שטימען דאַרף מען פאַר זיין בעסטן קאַנדידאַט, דעם סאָציאַליסט. און בעני האָט נאָך העכער צוריקגעוואָרפן די אַטאַקעס, אַז די „סאָציאַליסטן" זיינען שותפים צוביידנס גנבות און קאָרופּציע, און צו יעדער צייט קאָן זיך פאַר־גלייכן טעמעני־האָל מיט די „סאָציאַליסטן".

פון אַ פערטער פּלאַטפאָרמע האָט גערעדט דער יונגער פּיאַ־נער און האָט צוגעגעבן, אַז — דעם ערשטן מאָל הערט ער, אַז זיין טאַטע און זיינע ברידער זאָלן זאָגן דעם אמת, און אַלע, וואָס זיי זאָגן היינט פון דער פּלאַטפאָרמע איינער אויפן אַנדערן איז ריכטיג ווי גאָלד... די מאַסן האָבן זיך צוגעהערט און אַרומגעקליבן אַרום זיין פּלאַטפאָרמע און געשלונגען יעדעס וואָרט פון דעם יונגן פּיאָנער, וואָס האָט גערעדט פאַר די קאָמוניסטן.

ווען דער פּיאָנער איז זיגרייך אַהיימגעקומען, האָט ער אַלע ווענט אין הויז באַצירט מיט רויטן, מיט דעם „סערפּ און האַמער", און אין אַלע קליידער אַריינגעשפּיליעט דעם רויטן קנעפּל: „וואוט קאָמוניסט".

אויף מאָרגן פרי איז בעני ווי אַלע טאָג אַוועק אַ צופרידענער מיט זיין ווייסע יוניפאָרם צו דער אַרבעט, צו דערציילן זיין באָס ווי ער האָט געקעמפט פאַר די קאַנדידאַטן פון זיין פּאַרטיי.

אָבער ווי גיך דער באָס האָט דערזען דאָס רויטע קנעפּל „וואוט קאָמוניסט" אויף בעני'ס לאַץ, האָט ער אים קורץ און שאַרף אַ זאָג געטאָן — ניטאָ מער פאַר דיר קיין אַרבעט!

בעני איז דערשלאָגן אַהיימגעקומען, ניט וויסנדיג וואָס דאָ האָט פּאַסירט, אַז אַזוי פּלוצלונג זאָל ער פאַרלירן דעם שטאַטישן דזשאָב אין דער גרעסטער שטאָט פון דער וועלט...

איזילע האָט אים אָבער אויסגעזאָגט די אורזאַך.

בעני האָט אים אַ ווײַלע אָנגעקוקט, אָבער אָנשטאָט זיך וואַרפן שלאָגן אויפן קינד, האָט ער מיט כעס אַ וואָרף געטאָן זיין ווייסע יוניפאָרם און ווי צו זיך אַליין אויסגעשריען:

— אַ רעגירונג, וואו איבער אַ קנעפּל קאָן מען פאַרלירן דעם דזשאָב, האָט ניט די ווערט קיין קנעפּל!...

# פאַרן „הייליגן" לאַנד

די סאָסייעטי „אדם קרוב לעצמו" איז אַ זעלטענע סאָסייעטי מיט אַ גרויסער מיטגלידערשאַפט, און די גרויסע מיטגלידערשאַפט האָט קיין עין־הרע ניט גרויסע אַפּעטיטן, און פון דעם דאַרף אייך קלאָר זיין, אַז די מעשה שמעקט מיט אַ באַנקעט.

איצט הערט די מעשה: די סאָסייעטי איז גרייט צו גיין פאַר דעם אידישן פאָלק אין פייער און אין וואַסער (דאָס הייסט, אויב עס איז פאַראַן שנאַפּס אַנשטאָט וואַסער איז בעסער). האָט די סאָ־סייעטי, נאָך אַ לאַנגן טראַכטן, וואָס צו טאָן פאַר די „אָרימע" אין דעם „הייליגן לאַנד", באַשלאָסן (ווי איך האָב אייך פאַרויס געזאָגט) צו מאַכן פאַר „זיי" אַ באַנקעט.

האָבן גלייך די וואָרט־זאָגער פון דער סאָסייעטי פאַררופן אַן אסיפה און אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן:

די ערשטע פראַגע איז געווען: פליייש אָדער קאַטשקע?

באַשלאָסן איז געוואָרן: קאַטשקע. ווייל וואָס רייכער עס וועט זיין דער באַנקעט, אַלץ גרעסערע נדבות וועט מען געבן פאַר דעם „הייליגן לאַנד".

די צווייטע פראַגע איז געווען: מ י ט ווייַן, צי אָ ן ווייַן?

באַשלאָסן איז געוואָרן: מ י ט ווייַן, ווייל, אַז מענטשן נעמען „עפּעס" אין מויל אַריין, צעעפנט זיך ברייטער דאָס אידישע האַרץ...

די דריטע פראַגע איז געווען: וועמען איינלאַדן.

פאַרשטייט זיך, אַז אַלע האָבן דערמאָנט דעם „שיינדל פון שטאָט", דעם גביר, פּראָפעסאָר גאָלדשטיק, וואָס האָט צו צאָלן אַ גוטן פּרייז פאַר כבוד.

פאַרוואָס מ'רופט אים פּראָפעסאָר ווייסן אפילו ניט די לאַנדס־לייט. אייניגע זאָגן, אַז דאָס האָט ער געקראָגן דעם נאָמען, ווייל ער האָט אַמאָל געגעבן „לעסאָנס" אין אַ טאַנץ־סקול; אַנדערע זאָגן ווי־דער, אַז ער רופט זיך פּראָפעסאָר, ווייל ער שפּילט אַביסל מאַנדאָלין. די עלטערע לאַנדסלייט זאָגן אָבער, אַז ער האָט געקראָגן דעם נאָמען,

ווען אין די יונגע יארן איז ער געווען א טשעמפיאן פויקער־שפילער.

סיי־ווי, איצט איז ער רייך, און אויף זיין וויזיט־קארט שטייט קלארע דבורים: פראפעסאר גאלדשטיק.

און אזוי גיך, ווי דער פראפעסאר האט געקראגן די איינלאדונג צו דעם באנקעט האט ער ברייט אדווערטייזט אין די צייטונגען, אז ער נעמט־אן די איינלאדונג פון דער סאסייעטי „אדם קרוב לעצמו" און ער וועט זיכער זיין אין צייט פונקט 9:30. נאך מער, זאלן אלע וויסן, אז וויפיל אלע צוזאמען וועלן מנדב זיין ביי דעם באנקעט פאר דעם „הייליגן לאנד", וועט ער געבן נאך אמאל אזויפיל.

האט די סאסייעטי באלד פאררופן א צווייטע אסיפה און גע־נומען טראכטן פלענער, ווי ארויסצוקריגן פון דעם פראפעסאר וואס מער געלט פאר דעם „הייליגן לאנד".

איז באשלאסן געווארן צו נעמען א טשעק־ביכל, אויסטיילן צו אלע „בלאטע" מיטגלידער, און ווען עס וועט קומען דער אפיל, זאלן זיי נעמען האגלען מיט טשעקס, און דער פראפעסאר וועט דערנאך מוזן געבן נאך אמאל אזויפיל.

אזוי איז געווען. גלייך ווי מ'האט אויסגעטרונקען דעם וויין, אויפגעגעסן די קאטשקעס, האט דער פראפעסאר גענומען פאדערן געלט, דערמאנענדיג אלע ווילע, אז ער וועט געבן נאך אמאל אזויפיל, וויפיל אלע, וואס זיינע "א רייה באנקעט, וועלן געבן צוזאמען.

האבן גענומען פליען טשעקס, אז דעם פראפעסאר איז קאלט געווארן אין די פיס.

מ'האט דערלאנגט טשעקס אויף הונדערטער, צוויי־הונדערטער און אויף טויזנטער. דער פראפעסאר האט פון שרעק איבערגעריסן דעם אפיל און האט מיט ציטערנדיגע הענט זיך אוועקגעזעצט ציילן. ער האט אזוי ביסלעכווייז אנגעציילט אכט טויזנט מיט צוויי הונ־דערט דאלער.

ער האט געמאכט זיך הארע און דערקלערט:

— איך בין זייער צופרידן, וואס די היינטיגע געלט־זאמלונג האט איבערגעטראפן אלע מיינע דערווארטונגען. איך וועל אבער האלטןווארט. און אזוי ווי די סומע באטרעפט אכט טויזנט מיט צוויי הונדערט דאלער, נעם איך צו די אלע טשעקס און גיב אייך גלייך א טשעק אויף דער סומע פון פיר און צוואנציג טויזנט מיט זעקס הונדערט דאלער.

אפּלאָדיסמענטן האָבן גלייך אויפגעשטורעמט דעם זאַל. די אינגערע האָבן דעם פּראָפעסאָר געטראָגן אויף די הענט. די עלטערע פרויען זיינען אים געפאַלן אויפן האַלז קושן, נאָר די אראַנדזשמענט קאָמיטעט האָט ניט געקאָנט צו זיך קומען נאָך דעם גרויסן דערפאָלג...

אין עטלעכע טעג אַרום איז געקומען אַ קאָמיטעט פון דער סאָסייעטי מיט אַ קלאָג צום פּראָפעסאָר:

— הער פּראָפעסאָר, אייער טשעק האָט פּיס... ער איז צוריקגעקומען, און דאָס איז גאָר ניט שיין...

דער הער פּראָפעסאָר האָט זיי אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס און קאַלטבלוטיג זיי געענטפערט:

—איך האָב געהאַלטן מיין וואָרט צו געבן אייך צוויי מאָל אַזויפיל, וויפיל איר אַלע וועט געבן. נו, האָט איר אַלע געגעבן פאַלשע טשעקס, האָב איך אייך געגעבן צוויי מאָל אַזויפיל... בין איך ניט קיין וואָרטסמאַן? זאָגט אַליין!

# פאַרלאָרן אַ ברענטש

איך האָב געהערט, אַז מענטשן זאָלן פאַרלירן געלט, פאַרלירן די האָר, פאַרלירן דעם אַדרעס, פאַרלירן אויף וואָל סטריט, פאַרלירן דעם קאָפּ, — אָבער ווי אַזוי מ׳פאַרלירט אַ ברענטש האָב איך איצט געהערט צום ערשטן מאָל.

דערציילט האָט דאָס מיר אַ מיטגליד פון „אַרבעטער״ רינג, און ער זאָגט, אַז ער האָט שוין געוואָלט מעלדן אין „פאַרלאָרן און געפונען״, אָבער ער האָט פאַרלאָרן דעם חשק.

די געשיכטע פון דער מעשה איז אַזוי: אין אַ קליין שטעטל איז געווען אַ ברענטש פון דעם „אַרבעטער רינג״ מיט „דיוס״ און טעקסעס און סעמעטערי און אַפילו אַ טשערמאַן און אַ סעקרעטאַר זיינען אויך געווען.

האָט דער סעקרעטאַר באַשלאָסן, אַזוי ווי קיין „לינקע ביזנעס״ איז איצט ביי אים מער ניטאָ, איז ניטאָ קיין אורזאַך, פאַרוואָס מ׳זאָל אַלע וואָך דאַרפן שלעפּן די מיטגלידער צו מיטינגען. אָבער אַזוי ווי מ׳דאַרף דאָך „קאָלעקטן דיוס״, זאָל מען איינפירן, אַז דער סעקרעטאַר זאָל זיין אַלע וואָך ביי דער פּאָוקער־גיים (אַ וועכנטלעכע אינסטיטוציע) און זאָל אַרונטערנעמען „פינקע־געלט״ צו דעקן די בילס.

אַזוי איז די ביזנעס געגאַנגען ניט שלעכט, ביז ס׳איז געקומען אַ מאָמענט, ווען ניט אַלע האָבן געקאָנט שפּילן דעמזעלביגן „לימיט״.

איז פאַררופן געוואָרן אַ קאָנפערענץ און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאַכן אַ „שפּאַלטונג״ אין דעם ברענטש פון א. ר., דאָס הייסט, צעטיילן דעם ברענטש אין צוויי „סעטס״ — קליין־בירגער און גרויס־בירגער. איין סעט זאָל שפּילן פון פופציג סענט „דאַון״. און דער צווייטער סעט — פון פופציג סענט און „אַפּ״.

דער סעקרעטאַר פלעגט ווידער קומען מיט די ביכער צונעמען די „פינקע־געלט״ און אויסמאַכן רעסיטס פאַר די מיטגלידער.

איין שבת נאַכט, ווען דער סעקרעטאַר האָט אָפּגענומען פאַר די בילס פון די קליינבירגער, וואָס האָבן געשפּילט פופציג סענט און

„דאָון״, איז ער אַוועק צו גרויסבירגער פון פופציג סענט און „אַפּ״. נאָר זיצנדיג אַזוי האָט ער אַ טראַכט געטאָן, אַז צייט איז געלט... איז פאַרוואָס טאָקע ניט אַליין נעמען אַ „האַנט״? האָט ער אַרויסגענומען די קליינגעלט, וואָס ער האָט געקראָגן פון די פופציג סענט און „דאָון״, און האָט זיך צעשפּילט מיט די פופציג סענט און „אַפּ״.

עס האָט אָבער ניט גענומען קיין האַלבע שעה און אַ האַלבער ברענטש פון אָ. ר. איז פאַרלאָרן געגאַנגען. ער האָט גענומען איינשטעלן די „פינקע־געלט״ פון צווייטן האַלבן ברענטש. אָבער עס האָט אויך לאַנג ניט גענומען און ער האָט פאַרלאָרן דעם צווייטן האַלבן ברענטש.

סוף וואָך איז אָנגעקומען אַ „ביל״ פון דזשענעראַל אָפיס מיט אַ בריוועלע אַ צולייג: אויב איר צאָלט ניט אייער ביל, דאַן איז אייער ברענטש געשטראָכן.

דער סעקרעטאַר האָט אויף גיך געענטפערט מיט אַ טעלעגראַמע פון איין וואָרט: „לאָסט״ (פאַרלאָרן, הייסט עס)...

אַזוי האָט אַ סעקרעטאַר איינגעשטעלט און פאַרלאָרן אַ גאַנצן ברענטש פון „אַרבעטער״ רינג.

## מאיר בעל-הנס

אלע, וואָס האָבן געקענט דעם חבר פעדער, האָבן געוואוסט, אַז ער איז אַ ראַדיקאַלער מענטש, אַ גוטער קעמפער, וואָס איז אַלעמאָל גרייט געווען זיך מפקיר־זיין אין דעם קאַמף פאַר אַ נייעם לעבן.

ביי זיך אָבער אינדערהיים האָט חבר פעדער געהאַט אַ פרוי, מיט וועמען ער האָט זיך פאַרבונדן נאָך פון די אַלטע צייטן... פון יענער צייט, וואָס ער אַליין האָט נאָך קיין באַגריף ניט געהאַט פון אַ בעסערער און שענערער וועלט.

די פרוי זיינע איז געווען אַ פרומע, און נאָך פאַנאַטיש פרום דערצו. דערפאַר טאַקע האָט ער זעלטן־ווען איינגעלאַדן צו זיך אין הויז אַ פריינט אָדער אַ חבר. און טאָמער האָט אים ווער פון זיינע חברים אַ פרעג געטאָן, וואָרום ער נעמט ניט מיט זיין פרוי צו דער און יענער אונטערנעמונג, אָדער פאַרוואָס זיין פרוי איז ניט אָנגעשלאָסן אָן אַ פרויען־קאָונסיל, אַ געזאַנג־פאַראיין אָדער אַן ארבעטער־קלוב — פלעגט ער געבן זיין שטענדיגן ענטפערט: — זי איז קראַנק... זי פילט ניט מיט אַלעמען...

טאָמער האָט אָבער אַ חבר אים אַמאָל געטראָפן אין אַ פריי־טאָג־צו־נאַכטס עסן אַ גוט שטיקל געפילטע פיש, האָט ער שוין געהאַט זיין שטענדיגן תירוץ, אַז די מאַמע האָט דאָס אים צוגעשיקט. און ווען די געצונדענע ליכט אין דעם גרויסן לייכטער האָט ער זיך אַרויסגעדרייט מיט אַן ענטפער, אַז דאָס איז צוליב אַטמאָספערע... די פיש איז אים אָבער אָפט געשטאַנען אין האַלז, און די ליכט האָבן פאַרפינסטערט זיין לעבן...

דאָס ערגסטע זיינען פאַר אים געווען די פושקעס אויף דער וואַנט. ניט געווען, וואָס ער האָט קיין תירוץ ניט געהאַט פאַר דעם. האָט דאָס נאָך אים שטענדיג געשטאָכן אין די אויגן, ווי איינער וואָלט זאָגן: „נאַ, זע, דו קעמפסט פאַר אַ נייער וועלט, דו ווילסט אָפּשאַפן פאַנאַטיזם, ווילסט ברייננגען קלאָרקייט אין די מוחות פון די אַרבעטער, — און ביי דיר אויף דער וואַנט פושקעס. מאיר־בעל־הנס־פושקעס! אַזאַ פינצטערניש, אַזאַ שימל!" און נאָך ערגער פון שלעכט איז געווען, וואָס אַלע טאָג זיינען צוגעקומען נייע פוש־

קעם: דאָ פון אַ ישיבה, דאָ פון אַ רב, דאָ פון ארץ ישראל, דאָ גלאַט פון אַ גוטן אידן. און זי, די פרומע ווייב זיינע, האָט ניט געקאָנט פאַרשעמען די טעגלעכע פּושקע־באַזוכער מיט די צו־אָרדער גרויסע בערד און געקרויזלטע פּיאות. איז מילא — פלעגט זי אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט — היינגט אַזויפיל, טאָ היינגט שוין אויף נאָך אַ פּושקע.

אַזוי זיינען „באַצירט" געוואָרן אַלע ווענט פון דער קיך מיט פּושקעס, און ווען עס האָט זיך געטראָפן, אַז ביי דעם חבר פעדער איז קראַנק געוואָרן אַ קינד, האָט די פרומע פרוי זיינע דאָס ערשטע געוואָרפן אין פּושקע, און אַזוי ווי מ'קאָן ניט פאַרשעמען איין פּושקע קעגן אַ צווייטער. פלעגט זי וואַרפן אין אַלע פּושקעס, ביז זי איז געבליב, אָן אַ סענט פאַר אַ דאָקטאָר.

דער חבר פעדער איז אָבער געווען אַן אָרימער אַרבעטער, זיינע פאַרדינטע סענטן זיינען געווען אין בלוט געווייקט און איבער־הויפּט האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס זי וואַרפט די שווער־פאַרדינטע סענטן אין די פינצטערע פּושקעס, אַנשטאָט צו געבן אמת'ע הילף פאַר די קינדער.

זיין פאַרדרוס און זיינע רייד האָבן אָבער ווייניג געהאָלפן. און ווען ער פלעגט נעמען איר אויפקלערן, אַז זי דאַרף ניט וואַרפן דאָס אָרימע געלט אין בלאָטע אַריין, און זיך קלאָגן, וואָס אים קומט־ אָן אַזוי שווער צו פאַרדינען, — פלעגט זי אים עצה'ן, ער זאָל גיין צו אַ גוטן־אידן בעטן אַ ברכה, וועט ער מאַכן אַ גרינגער לעבן...

מיט דער צייט זיינען די פּושקעס אָנגעפילט געוואָרן, און די קעשענעס — אינגאַנצן פּוסט געוואָרן. אין הויז איז ניט געווען אַ סענט. קיין דירה־געלט האָט מען ניט באַצאָלט. וואָס צו עסן איז שוין אויך ניט געווען.

איין פרימאָרגן, ווען דער לענדלאָרד האָט זיך געקליבן אַרויס־ שטעלן חבר פעדער'ס בעבעכעס אין גאַס, איז ער אַריין פאַר־ צווייפלט אין הויז, זיך אַ נעם געטאָן און אויסגעליידיגט פאַרן לענד־ לאָרד די פּושקעס, כדי ער זאָל קאָנען בלייבן אין דער דירה. און אַזוי־ אַרום האָט דער לענדלאָרד, אַנשטאָט אַרויסשטעלן אין גאַס די בעבע־ כעס, גאָר אַרויסגעשטעלט די פּושקעס...

ווען חבר פעדער'ס פרוי האָט דערהערט, אַז דער מאַן האָט באַ־ צאָלט דירה־געלט, האָט זי אים פרעגנדיג זיך איינגעגעסן אין אים מיט די אויגן.

— וואָס קוקסטו אויף מיר? — האָט ער זיך צעלאַכט, — דער „גוטער איד" מאיר־בעל־הנס האָט מיר געהאָלפן...

זי האָט באַלד אַ וואָרף געטאָן אירע אויגן אויף דער וואַנט און זיך אויך שטאַרק צעלאַכט:

— אויב דער לענדלאָרד האָט געקאָנט נעמען דאָס געלט פון די פּושקעס, טאָ זאָל ער איצט וואַרפן אין די פּושקעס!

# ווי אָפּצושאַפֿן קאַפּיטאַל

(אַ רעדע פֿון אַ רעקעטיר)

ווי איר קוקט מיך אָן בין איך שוין צוואַנציג יאָר אַ ביזנעס־אגענט, און קיינער קאָן ניט זאָגן אָף מיר, אַז איך בין אַ דעזערטיר. איך אַנטלויף ניט פֿון קיין יוניאָן, איך קעמף ביז דער לעצטער פּעני...

ברידער, די לינקע באַשולדיגן מיך, אַז איך בין אַ גרעפטער, אַז איך נעם געלט פֿון די באָסעס. פֿרעג איך אייך — ווי, איר ווייסט שוין גאָרניט? איז ניט בעסער צו נעמען געלט פֿון די באָסעס, ווי פֿון דער יוניאָן?

נאָר איך וויל אייך זאָגן, זיי זיינען אויף מיר אין כעס, ווייל איך גלויב נאָר אין דעם, וואָס דער „פֿאָרווערטס", „אַמעריקאַן פֿעדעריישאָן" און געווערקשאַפֿטן גלויבן — גרעפט־יוניאָניזם.

ברידער! ווען אַט־די קאָמוניסטלעך זיינען ערלעכע אַרבעטער־פֿריינט, וואָלטן זיי זיך נאָך געדאַרפֿט פֿרייען דערמיט, וואָס מיר נעמען געלט ביי די באָסעס. זיי וואָלטן געדאַרפֿט פֿאַרשטיין, אַז דער בעסטער מיטל אָפּצושאַפֿן קאַפּיטאַל, איז נאָר דורך איינפֿירן גרעפט־יוניאָנזים און צונעמען דעם קאַפּיטאַל פֿאַר זיך. נאָר גיי רעד מיט מענטשן, ווען דער דאָלאַר פֿון באָס איז אַזוי טייער, אַז זיי ווען בעסער מיר לאָזן הונגערן, איידער אָנרירן דעם באָסעס קעשענע.

הערט ברידער! מיט די לינקע איז ווי מיט יענעם גוי:

אַמאָל האָט אַ גוי געבראַכט צו פֿאַרקויפֿן אַ פֿור האָלץ, האָט אים אַ איד געוואָלט געבן דערפֿאַר אַ רובל.

זאָגט דער גוי: „פֿאַר אַ רובל זאָל דאָס בעסער פֿאַרברענט ווערן".

זאָגט דער איד: „טאָ גיב דאָס מיר, וועל איך דאָס פֿאַרברענען".

אַנטקעגן וואָס זאָג איך דאָס, ברידער? אַנטקעגן דעם, טאָמער קאָן איך אָפּנאַרן דעם באָס, פֿאַרדריסט דאָס זיי. איך בין אַ מענטש, ווי איר זעט, מיט אַן אַפּעטיט. איך קאָן עסן, לאָמיר זאָגן, פֿאַר דינער אַ סטייק מיט פֿרענטש פּאָטייטאָס, און דערנאָך דאָסזעלביגע נאָכאַמאָל. דאַרף מיר נעמען צוויי שטונדן דינער. איך בין דאָך אָבער אַ פֿריינט פֿון די אַרבעטער און וויל פֿאַרטרעטן זייערע אינטערעסן אַפֿילו ווען

איך עס, רוף איך אַ באָס און האָב אַ קאָנפערענץ מיט אים אין רעס־טאָראַן, איז דער באָס אַ יאָלד און כאַפּט מיין טשעק. זאָל איך זיך שלאָגן מיט אים? איך פרעג אייך?

וואָס זאָגן די לינקע? עס איז ניט שיין. איז ווידער דיזעלביגע זאַך. וואָס קריינקט אייך, אַז איך עס צוויי סטייקס? ביי דער יוניאָן נעם איך דאָך ניט מער ווי פאָר איין סטייק, טאָ שווייגט, ליגט איינגעלייגט! איז ניין. מאַכן זיי געוואַלדן, אַז איך האַלט פון „קלעס קאָלאַבאָריישאָן", שווער איך אייך, זאָל איך קריינקען, אויב איך וויים אפילו ווער דאָס איז. איך האָב אים נאָך אין מיינע אויגן ניט געזען. אויב איך גיי אַמאָל אַריין עפּעס עסן איז מיט אַ קאָנטראַקטאָר און דאַצאָל.

ברידער! איר האָט געהערט וואָס זיי וואַרפן מיר אויף, אַז איך בין געפאָרן אין קאַנטרי אויפן באָסעס רעכענונג. נו, איך פרעג אייך, דאַרף מען ניט לאַכן? אַז דער באָס וואָלט שוין געפאָרן אליין, וואָלט זיי שוין בעסער געווען? וואָס פאַרדריסט זיי, וואָס איך האָב ברייטע פּלייצעס? וואָלט זיי שוין בעסער געווען, ווען איך גיי אַרום און פּאַכע מיט דער נשמה?

דערפאַר זאָג איך נאָכאַמאָל, אַז גרעפט־יוניאָניזם איז דער איינציגער מיטל אָפּצושאַפן קאַפּיטאַל, און ווען אַלע יוניאָן־באַאַמטע וואָלטן מיר נאָכגעפאָלגט, דאַן וואָלט שנעלער געקומען קאַפּיטאַלס סוף.

# דאָס כפרה-הינדל

די פאַמיליע פּינקוס איז זייער אַ בכבוד'ע, פרומע פאַמיליע, איינער ווי איינער.

דער פאָטער, ר' אברהם, איז דער ערשטער צו געבן געלט פאַר אַ תורה, און אויך דער ערשטער צו קריגן סקעבס פאַר דער פירמע „פּינקוס ענד סאָנס", ווייל סטרייקן, זאָגט ער, איז ניט שיין פאַר אידן.

די מאַמע איז די ערשטע צו שעלטן די קאָמוניסטן, וואָס זיינען ניט פרום, גלויבן ניט אין גאָט און פאַסטן ניט אפילו אום יום־כיפּור.

די צוויי זין, וואָס שטייען מיט טליתים און יאַרמולקעס אויף די בר־מצוה־בילדער, זיינען די ערשטע צו שלאָגן סטרייקערס און ברעכן פענצטער אין אַרבעטער־אינסטיטוציעס.

און אפילו דער אינגסטער זון, וואָס איז ערשט אַכט יאָר אַלט, נעמט זיך שוין אָן גאָט'ס קריוודע, שלאָגט זיינע חברים, וואָס האַלטן אום שבת געלט, און ער נעמט ביי זיי אַוועק דאָס געלט.

קומט ערב־יום־טוב, ווערט די מוטער פּינקוס שטאַרק פאַר־נומען. ערב יום־כיפּור איז זי אויפגעשטאַנען פריער ווי אַלעמאָל, געהייסן דער דינסט ברייגנען די גרעסטע הענער, כדי די פאַמיליע פּינקוס זאָל זיין זיכער מיט גוטע כפּרות...

נאָך דעם, ווי מ'האָט אָפּגעשלאָגן כפּרות, האָט מען צוגעשטעלט די גרויסע טעפּ צו קאָכן און בראָטן פאַר ערב יום־כיפּור און פאַר מאָרגן נאָכן תענית.

אין אָוונט האָט מען פאַרפאַסט מיט געבראָטענע הינער און אַנדערע גוטע מאכלים, און מ'איז אַוועק אין שול זיך זען מיט גאָט, בעטן אים, אַז ער זאָל מאַכן מאָרגן אַ גרינגן תענית און געבן אַ גוט יאָר.

יום־כיפּור אינדערפרי, ווי גיך די פרוי פּינקוס איז אַוועק אין שול, האָט ר' אברהם זיך אַריינגעכאַפּט אין קיך און האָט פון גרויסן טאָפּ אַרויסגעשלעפּט אַ פאָלקע, ווייל שפּעטער קומען פון שול עסן וועט מען ניט קאָנען.

ער האָט זיך גוט אונטערגעהאַלטן...

ווען דער טאַטע איז אַרויס פון הויז, האָט זיך אַרויסגעכאַפּט

איינער פון די זין, האט א קוק געטאן, צי דער שרודער שלאפט, און שטיל זיך אריינגעכאפט אין קיך, א נעם געטאן א האלבן האן און האט פון אים געמאכט די ריכטיגע כפרה... נאך דעם האט ער זיך אויסגעפוצט אין זיינע יום־טוב׳דיגע קליידער, גענומען דעם טלית אונטערן האנט און זיך צעשריען אויפן ברודער:

— שטיי אויף, ס׳איז שוין שפעט, „קאמאן, געט יאר קוויטל״...

— און איז אוועק אין שול אריין.

באלד נאך דעם איז אויפגעשטאנען דער איינגסטער פינקוס, וואס לאזט ניט האלטן קיין געלט אום שבת, און אויך אריינגע־פוצט א פערטל עוף, האט אויפגעוועקט די דינסט, זי זאל אים גלייך אוועקפירן אין שול, ווייל די מאמע האט אים געזאגט, אז היינט, יום־כיפור, גיט מען „קיופאנס״ אויף צו לעבן...

אינאוונט איז די פאמיליע פינקוס געקומען פון שול, אלע מידע, אויסגעמאטערטע פון דעם שווערן תענית.

די דינסט האט באלד גענומען גרייטן צום טיש. אבער ווען עס איז געקומען צו געבן די פלייש, איז זי שטיין געבליבן ווי געפלעפט:

— ניטא קיין האן, די כפרות זיינען נעלם געווארן...

אלע האבן זיך גענומען איבערקוקן. ענדלעך האט די פרוי פינ־קוס אויסגעשריען:

— די דינסט האט דאס אויפגעפרעסן די כפרות. זי האט דאס אויפגעגעסן די כפרות.

—זייער מעגלעך — האט ר׳ אברהם מיט זיינע זין צוגע־שאקלט מיטן קאפ.

אויף מארגן האט פרוי פינקוס דערלאנגט דער דינסט דעם „קוויטל״ און איר געהייסן גיין.

און ר׳ אברהם מיט זיינע בנים האבן איר געגעבן גערעכט.

— אין א אידישער שטוב טאר מען קיין אפיקורס׳טע ניט האלטן — האט ר׳ אברהם געזאגט.

# מאַי „מאַי־אַיי"

(אַ פּראָטעסט פון אַ רעכטן)

טשערמאַן און ברידער! איך מאַך אַ פאָרשלאַג, מיר זאָלן אָפּשאַפן דעם ערשטן מאַי, און איצט וויל איך רעדן צו מיין פאָרשלאַג.

ברידער! מיר האָבן שוין גענוג **„סטאַפּעדזשעס", און אויב איר** רופט צו סטרייקן דעם ערשטן מאַי, ווייל איך וויסן וואָס זיינען די פאָדערונגען?

וואָס זאָגט איר, דאָס איז אַ פייערונג. האָבן מיר שוין אויך „פּלענטי". מיר האָבן שוין געהאַט דעם יאָר חמשה־עשר־בשבט און איצט קומט באַלד אונטער „פאָרט אָוו דזשולאַי". נו, וואָס מיינט איר, טעג וואָלגערן זיך? אויב די יוניאָן וויל מיר זאָלן סטאָפּן, זאָל זי אונז צאָלן „טיימענעף".

ברידער! זינט איך געדיינק, איז אַלעמאָל דיזעלביקע געשיכטע, און מיר מוזן מאַכן אַ סוף צו דעם, — וואָס הייסט, זיי מאַכן ערשטן מאַי אין אַ מיטנוואָך, און מיר זאָלן פאַרלירן אַ טאָג „ווייִדזשעס". וואָס איז, די קאָמוניסטלעך ווילן „מאַטשן"? איך מאַך נאָך אַ פאָרשלאַג, אַז מיר זאָלן „פּאָספּאָנען" דעם ערשטן מאַי פאַר זונטאָג, אָדער שבת נאָך דינער... אָדער גאָר פאַר תשעה־באָב...

איר לאַכט? נו, קאָנט איר מאַכן אַ „פּראָסטיטוט" (סאָבטיטוט) צו אָפּלייגן דאָס פאַר „סלעק־טיים", און איך וויל אייך זאָגן אַ סוד, אַז מיר דאַכט זיך, אַז דער ערשטער מאַי איז אינגאַנצן אַ קאָמוניסטישע מאַכערייקע, וואָרים אויב די צאַשעליסטן וואָלטן עפּעס געפייערט, וואָלטן זיי געמאַכט אַ באַנקעט מיט אביסל שנאַפּס, אַ שטיקל טשיקן, ווי גאָט האָט געבאָטן, אָבער אַרומגיין און הונגערן? איך וואָלט אייך שווערן, אַז דאָס שטאַמט פון די האָלעדריגעס.

וואָס זאָגט איר, „קאַרל מאַקעס" האָט אויך געגלויבט אין דעם, און דערפאַר האָט ער דאָס איינגעפירט, — מאַך איך נאָך אַ פאַרשלאַג, טשערמאַן, מיר זאָלן שיקן אַ קאָמיטע צו „קאַרל מאַקעס" צו פּראָטעסטירן פאַר „ספּוילן" אונז אַ טאָג „ווייִדזשעס". מיר'ן

זיך מער ניט לאָזן שפּייען אין דער קאַשע, וואָס הייסט, עפּעס מאַכן געזועצע און ניט פרעגן ביי אונז... האָבן מיר אַ יוניאָן, צי ניט?

סעי, זיץ דאָרט אין געהאַקטע וואונדן, דו קאָמוניסטל! דו ווילסט אויך „מאַטשן”? וועסט שוין באַלד ווידער אָנהויבן רעדן וועגן קלאַסנקאַמף, שמאַסנקאַמף? דו האָסט מסתמא ניט קיין הייזקע מיט קיין מאַרגעדזש און קיין ווייב מיט אַ פּאָר־קאָוט, קאָפּ־ווייטיק פעלט דיר; דיר ווילט זיך גיין מיט אַ פאָן? וועסטו קומען שמחת־תורה אין שול אַריין.

ברידער! איך מאַך נאָך אַ פאָרשלאַג, אַז מיר זאָלן „איגנאָ־רירן”... די גאַנצע מעשה, און אויב „קאַרל מאַקעס” גלייכט ניט, זאָל ער קומען צו אונז פּראָטעסטירן, וועלן מיר אים ווייזן ווער איז ווער — וואָס איז? מאַי איז אַ בן־יחיד ביי אונז? מיר האָבן אַנדערע מאָנאַטן, נאָך בעסער פאַר מאַי. אָט האָב איך אין מאַרטש געאַרבעט פולע וואָכן, נאָך מיט „אָווערטיים”, נו, זאָלן מיר אים מאַכן אַ באַנקעט דערפאַר?

ברידער, מאַי „מאַי־אַי”!

# אַ נייע „יוניאָן"

(אַ רעדע פון אַ קאָמפּאַני־יוניאָן געננסטער)

ברידער! זייט וויסן, אַז מיר מוזן זיך אָרגאַניזירן און מאַכן אַ יוניאָן. די לאַגע פון דעם גרעפּטער איז היינט געוואָרן זייער שווער; און מיר מוזן גלייך עפּעס טאָן צו פּראָטעקטן אונזער ברויט.

פון איין זייט, ברידער, איז די גרעפּט־ביזנעס געוואָרן צו־אָפּן, און מיר מוזן גלייך איינפירן אַ קאָנטראָל, זאָלן די לינקע ניט מיינען, אַז זיי וויסן שוין פון אונז אַלעס.

פון דער צווייטער זייט מוזן מיר מאַכן אַ „סקייל אָוו וויי־דזשעס" און ניט לאָזן שניידן די פּרייזן...

אַלזאָ, ווער האָט אַ רעכט צו זיין אַ מיטגליד אין דער גרעפּטער־יוניאָן? איך שלאָג פאָר, אַז די פאָלגנדע זאָלן צוגעלאָזן ווערן:

אַ דעלעגאַט פון די געווערקשאַפטן, וואָס קאָן שפּילן פּינאָקל.

אַ מיטגליד פון „פּאָרוועטס"־אַסאָסיאיישאָן, וואָס קאָן געבן אַ זעץ אין נאָז.

אַן עקס־באַאַמטער פון אַ יוניאָן, וואָס איז אָוועק אין קאָנטראַק־טינג ביזנעס.

מענטשן, וואָס האָבן געקראָגן פיר יאָר פּריזאָן פאַר האָלד־אָפּס און מעסער־אַרבעט און זיינען געזעסן צוויי יאָר מיט זעקס מאָנאַטן און אַרויס דורך „פּול"...

— גלאַט גנבים, וואָס גנב'ענען זיך ניט קיין פּראָסטע זאַכן, נאָר בלויז דזשועלערי.

איצט, ברידער, וועלן מיר וויסן מיט וועמען מיר גייען צום טיש.

אַ צווייטן פאָרשלאָג האָב איך: צו מאַכן אַ באַשטימטן פּרייז און קעמפן פאַר אונזער רעכט, דאָס הייסט, האָבן אַ פּרייז־ליסט און ניט שניידן זיך די העלזער איינס דאָס אַנדערע.

1. פאַר איבערגעבן אַ באָס אינפאָרמאַציע — 10 דאָלאַר; צוויי אינפאָרמאַציעלעך — 18 דאָלאַר.

2. פאַר אַרויסוואַרפן אַן אַרבעטער — 200 דאָלאַר; צוויי פאַר 350 דאָלאַר; אַ האַלבן שאַפּ פאַר 1000 דאָלאַר.

3. פאר דערלויבן ארויסשיקן ארבעט אין א סקעב־שאפ — 25 סענט פאר יעדן ארטיקל; 20 סענט פאר קלענערע ארטיקלען.

4. פאר מאכן א פריים־אפ — 1000 דאלאר; פארשיקן אין פריזאן — אומזיסט.

. אנברעכן א לינקן די ביינער — 10 דאלאר.

מאכן צוויי בלויע אויגן — 15 דאלאר.

צעהאקן דעם נאז — 20 דאלאר.

צעברעכן א ריפ, א פוס אדער א האנט — 15 דאלאר.

אפקלאפן א לונג — 30 דאלאר.

מיט א פלאש, א פייפ אדער א בלעקדזשעק — 5 דאלאר עקסטרא.

ברידער! ווען מיר וועלן דאס איינפירן אין לעבן, וועט מען זיך מוזן מיט אונז רעבענען. די לינקע וועלן דאן ניט וואגן צו זאגן, אז מיר זיינען ניט קיין יוניאן־לייט, נאר סטרייק־ברעכער.

מיר מוזן פאראייניגן אלע גרעפטערס פון אלע יוניאנס, מיט א טשארטער פון די געווערקשאפטן און טאקע אויך פון דער אמעריקאן פעדעריישאן אוו לייבאר.

אונזער מאטא מוז זיין: דאס, וואס מ'פארקויפט ניט, דאס האט מען ניט...

וואס זאגט איר, די ארבעטער וועלן זיך ניט לאזן? זייט זשע ניט קיין נאר. ווי זאגט שלמה המלך: אלע מינוט ווערט געבוירן א נייער יאלד. און דעם יאלד מוזן מיר ארייננקריגן אין אונזערע הענט.

איז ווי געזאגט, ברידער, א יוניאן זאל מען האבן!

# איי איז דאָס אַ טאַטע!

„דאָס שוואַרצע אידל" — אַזוי פלעגן אַרבעטער אין שאַפּ רופן דעם פּרעסער געלדין, פאַר זיינע אַקראָבאַטישע שטיק.

געלדין האָט געהאַט אַ פּאָר אויסגעפּאַשעטע באַקן מיט אַ פּאָר כיטרע אויגן, וואָס האָבן שטענדיק געקוקט, וואו שטעקט אַרויס אַ שפּיץ פון אַ דאָלאַר.

פאַר זיינע מיטאַרבעטער אין שאַפּ האָט ער זיך פאַרגעשטעלט פאַר אַ פרומען, זאָגאַר געטראָגן אַ שפּיץ בערדל, אָבער אַן אומזיסטן „העם-סענדוויטש" פלעגט ער שטיל אַרונטערשלינגען.

אין דער יוניאָן, ווי אין שאַפּ, פלעגט ער רעדן פון אַרבעטער-אינטערעסן, פון סאָציאַליזם, אָבער אַזוי גיך, ווי ער איז אַרויס אין גאַס, האָט ער אויך געדעדט פאַר טעמעני האָל.

— ווי קאָן דאָס זיין? — פלעגן אַרבעטער זיך וואונדערן — אַ מענטש זאָל זיין אין איין און דערזעלביגער צייט אי אַ סאָציאַליסט, אי אַ דעמאָקראַט.

פאַרענטפערט די פראַגע האָט אָבער „דאָס שוואַרצע אידל", — ווייל זיין טאָכטער איז אַ בוכקיפּערן אין אָפיס פון דער יוניאָן, איז ער אַ סאָציאַליסט, און איצט, אַז די טאָכטער איז פאַרהייראַט מיט אַ ספּעשעל פּאָליסמאַן, איז ער געוואָרן אויך אַ דעמאָקראַט.

פאַרשטייט זיך, אַז ווען געלדינ'ס זון איז געוואָרן אַ קלוירק אין אַ וואָל-סטריט אָפיס, איז דער טאַטע אויך געוואָרן אַ רעפּובּ-ליקאַנער.

אַזוי האָט געלדין צוגעקראָגן אַלע טאָג נייע פּאַרטייען, נאָר דער דאָלאַר-ביל איז אַלץ געבליבן זיין עמבלעם...

פלעגט קומען פאַר עלעקשאָן, האָט געלדין זיין געטאָן זיין פליכט יזון אַרויסגעוויזן זיין ליבשאַפט צו די קינדער, — אַזוי האָט ער איין טאָג געדעדט פאַר די רעפּובּליקאַנער צוליב זיין זון דעם קלוירק; אַ צווייטן —פאַר די דעמאָקראַטן צוליב דעם איידעם דעם ספּעשעל פּאָליסמאַן; אַ דריטן טאָג — פאַר די סאָציאַליסטן צוליב דער בוכקיפּערן אין דער יוניאָן, און אַ פערטן טאָג — פאַר פייער און פאַר וואַסער,

כדי צופרידנצושטעלן אַלע זיינע קינדער, וואָס ברייגגען אים וועכענט־לעך „פיידעס".

איין טאָג האָבן אַלע זיינע קינדער באַשלאָסן צו גיין הערן אַ קאַמפּיין־רעדע פון זייער טאַטן.

ווען מיסטער געלדין האָט פון דער פּלאַטפאָרמע דערזען אַלע זיינע קינדער אַרום זיך, האָט ער פאַר זיך באַשלאָסן אַלעמען צופרידנ־צושטעלן, און ער האָט אַזוי גערעדט:

— פריינט! אין ים זיינען דאָ פאַרשידענע פיש און אפילו ים־חזירים אויך. און מיט פאַרטייען איז פונקט דאָסזעלביגע. דער אונטערשייד איז בלויז, וואָס די פיש אין ים שווייגן, און מיר מוזן רעדן. אָט האָבן מיר רעפּובליקאַנער, דעמאָקראַטן און סאָציאַ־ליסטן. און וואָס, מיינט איר, ווילן זיי? אַלע ווילן איין זאַך: מאַכן אַ שיינע וועלט. נאָר יעדער וויל מאַכן אויף זיין וועג. אָט נעמט די רעפּובליקאַנער. זיי ווילן צוזאַמענקלייבן דאָס גאַנצע קאַפּיטאַל און פאַרשליסן אין אַ קאַסע. קומען צוגיין די דעמאָקראַטן און ווילן קאַ־פּיטאַל אַביסל צעטיילן צווישן זיך אויך. ווי זאָגן זיי: זאָל מען אונז אויך לאָזן לעבן, וואָס עפּעס בלויז רעפּובליקאַנער? קומען די סאָ־ציאַליסטן און זאָגן: מיר ווילן אויך אַביסל... נו, ווי מיינט איר, איז דאָס אַ פאַרברעכן? אַלזאָ, ווי איר זעט, ווילן אַלע איין זאַך...

די קינדער האָבן אויסגעהערט זיין רעדע און אים וואַרים אַפּ־לאָדירט.

אַרויסגייענדיג פון מיטינג האָט ער זיך געשוואָרן פאַר די קינדער, פאַר יעדן באַזונדער, אַז ער וועט שטימען פאַר זייערע פאַרטייען, און ער האָט געהאַלטן וואָרט: געשטימט פאַר יעדן קאַנ־דידאַט, וואָס איז געווען אויפן באַלאָט...

— אַ כפּרה דער באַלאָט — האָט דאָס „שוואַרצע אידל" שמייכל צו זיך געלאַכט — וואָס טוט מען ניט פאַר קינדער?

# אַמאָליגע צייטן

(אַ מאָנאָלאָג פון אַ נעפּמאַן)

זאָל אַ מענטש ניט געפּרואווט ווערן, מיט וואָס ער קאָן גע־וואוינט ווערן!

איך מיין דאָס טאַקע מיך אַליין. ווער זאָל זיך דאָס ריכטן, אַז מיט דעם, וואָס ניקאָלייקע וועט אַרונטער פון ביינקל, וועט שוסטער־יונג אַרויפקריכן אויפן טיש, און איך? — — איך בין שוין באַלד געוואוינט געוואָרן צו דעם, און שווייג שוין...

ווער האָט דאָס אין שטעטל און אין דעם גאַנצן כרך אַרום ניט געהערט פון רב נפתלי'ן? ווען איינער האָט נאָר אויף די ליפּן געהאַט „רב", האָט מען שוין געוואוסט, אַז דאָס מיינט מען רב נפתלי דעם נגיד, וואָס טראָגט אַן אַטלעסענע קאַפּאָטע אפילו אינדערוואָכן, זיצט אין מזרח־וואַנט און האָט שוין געהאַט מערער מאָל מפטיר און שלישי, ווי אַן אָרימאַן האָט גרויפּן אין אַ טעלער קרופּניק...

איר מיינט גלאַט מפטיר? שטעלט אייך פאָר, ווען דער שמש פלעגט נעמען מאַכן די ליציטאַציע אויפן מפטיר אָדער אויפן שלישי, פלעגט איין קבצנ'יאַק אַ זאָג טאָן אַ גילדן, אַ צווייטער האָט שוין געזאָגט דריי גילדן, און אַז יִשכר דער אייזן־קרעמער פלעגט אַרויס־זאָגן אַ רובל, און דער שמש פלעגט זיך אַ זינג טאָן „אַ רובל אום מפטיר, אַ רובל אום מפטיר".

אַלע אויגן פון בית־המדרש פלעגן דאַן זיין געווענדט צו מיר. און איך פלעג זיך אַ גלעט טאָן אין באָרד און אַ געשריי טאָן: „זעקס רובל אום מפטיר!" איר הערט, דאָס איז געווען מיין גרעסטע נקמה אין ישכר'ן. און איר מיינט, אַז כהן האָב איך ניט געקאָנט קויפן? ר' נפתלי האָט געקאָנט קויפן די גאַנצע תורה... ווי איר זעט מיך לעבן.

ווי איר הערט, האָבן קליין און גרויס דרך־ארץ געהאַט פאַר ר' נפתלי'ן. האָט מען געדאַרפט דורכפירן אַ געשעפט, איז מען געקומען פרעגן ר' נפתלי'ן, האָט מען געדאַרפט דורכפירן אַ שידוך, איז מען געקומען פרעגן ר' נפתלי'ן.

אַז נפתּלי פּלעגט אַ פּאַטש טאָן אין עמוד, איז דאָס גאַנצע שטעטל שטיל געוואָרן, און אַז ר׳ נפתּלי האָט געגעבן אַ פּאַטש אין באַק, האָט מען זיך אָוועקגערוקט אין אַ זייט.

וואָס דאַרפט איר מער? אַ גוי האָט געבראַכט צו פאַרקויפן תּבואה.

— וויפיל איז דאָ פאַראַן, פּויערל? — פלעג איך אים אַ פרעג טאָן.

— פיר פוד — פלעגט ער מיר ענטפערן.

פלעג איך מיר אַ גלעט טאָן מיין באָרד, אַ קוק געבן אויף דעם ערל און אויף דער תּבואה און אַ זאָג טאָן:

— דאָ איז פאַראַן אַ פוד און אַ האַלב.

ווי איר זעט מיך לעבן, — דער גוי האָט אַ וואָרט ניט אויסגערעדט, ער האָט געוואוסט, אַז אויב ר׳ נפתּלי זאָגט אַ פוד און אַ האַלב, איז אַ פוד און אַ האַלב.

און ביי וועמען, מיינט איר, איז מען געקומען באָרגן אויף שבת? זאָל מיר גאָט אַזוי שיינקען יאָרן, ווי איך האָב געהאַט פיר הונדערט מיט עטלאַכע און זעכציג וועקסלען אויף דעם שטעטל. אַלץ וואָס איך האָב זיי געליען געלט. וואָס דאַרפט איר מער? אפילו ישכר׳קע דעם שווינדלער, דעם אייזן־קרעמער, וועמען עס האָט זיך נאָר געוואָלט אַ מפטיר פאַר אַ רובל, אויך אויף אים האָב איך געהאַט וועקסלען פון קאָפּ ביז די פיס.

איר קענט מיינע קינדער? זאָל דאָס ווערן פון מיינע שונאים, וואָס פון זיי איז געוואָרן.

וואָלט איר אָבער געווען געזען מיין כאַשקען אַמאָליגע צייטן, מ׳האָט דאָך איר גערעדט די שענסטע שידוכים, למדנים, רבנים דיינים, וואָלד־העגדלער, פעררווי־גילדע קופיעצן, דער סוף איז — זאָל מען ניט געפרוווט ווערן, צו וואָס מ׳קאָן געוואוינט ווערן.

אָט אַזוי נייט אַ שניידער, אָט אַזוי נייט ער דאָך, אָט אַזוי נייט מיין איידעם און צום טאַטן איז אַ בראָך...

גיי, מאַך, אַז די דראַטווע איז זיי הייליגער ווי אַ של־יד, און די נאָדל איז זיי ליבער ווי אַ לולב.

ווער זאָל זיך דאָס ריכטן, — מ׳וואַרפט אַרונטער ניקאָלייקען, פּטור געוואָרן פון אַ שונא־ישראל, גאַנץ גוט, דאַרף דאָך ווערן וואויל די אידן, דאַרפן די אידישע געשעפטן וואַקסן, דאַרפן אידן זיך אַריינ־

קלייבן אין די גרויסע שטעט און פאַרגרעסערן זייערע געשעפטן, זייער האַנדל.

וואָס לאָזט זיך אויס? — ניט נאָר לאָזט מען ניט זיין קיין קופּיעצן, נאָר אַפילו, פאַר אייך זאָגנדיג, איך האָב פּרובירט אַביסל אונטערהאַנדלען מיט טאַבאַק, האָב איך געהאַט אַ פינצטערן סוף.

נו, פרעג איך אייך, האָט מען געדאַרפט מאַכן רעוואָלוציעס? האָבן מיר געדאַרפט האָבן באָלשעוויקעס?

עס איז מיר אַפילו אַ שאַנדע צו זאָגן, אָבער נאָך ערגער איז מיר דער ווייטיק, גראָדע זיינען אַלע מיינע קינדער מיט זיי, מיט די באָלשעוויקעס.

נאָך ערגער פאַר אַלץ איז, וואָס איך מוז זיך נאָך פאַר זיי היטן רעדן אַ וואָרט, עס שטייט זיי ניט אָן.

מיין אינגסטע טאָכטער זאָגט מיר, אַז איך האָב אַ בורזשואַזע פּסיכאָלאָגיע, און אַז זי שעמט זיך, וואָס זי האָט אַזאַ טאַטן.

איר הערט? ר' נפתלי איז גאָר געוואָרן אַ שאַנדע פאַר די קינדער! ר' נפתלי, וואָס האָט נאָך היינט באַגראָבן ביי זיך פיר הונדערט מיט עטלעכע און זעכציג וועקסלען, איז געוואָרן אַן אומ־כבוד פאַר דער משפחה! איי, ווען איך וואָלט דאָס פריער געוואוסט וואָס און ווער עס זיינען באָלשעוויקעס — —

איך מיינט אוודאי, אַז מיין שרה־לאה'קע איז בעסער פון די קינדער? גייט שוין גייט, זי וואָלט מיך באַדאַרפט הערן דאָס רעדן, און עס וואָלט מיר שוין מיין וועלט פינצטער געוואָרן... ביי איר איז רעכט מיך איבערצוגעבן צו דער „גע־פּע־או", און איר ווייסט דאָך — מיט יענע חברה איז נישטאָ קיין בגפּו יבוא, בגפּו יצא...

זעט איר, מיין גיטעלע, דאָס דריטע קינד, זי האָט נאָך אַלץ ליב איר טאַטן, אָבער וואָס מיינט איר — ווען איך האָב איר גערעדט שידוך מיט אַ למדן אַ איד, האָט סמיכות אויף רבנות, האָט זי זיך שטאַרק צעלאַכט, און צו דערזעלביגער צייט זיך באַקלאָגט, אַז ווען ניט איך, וואָלט זי שוין לאַנג געטאָן אַ גוטן שידוך. זי איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ סטאָליאַר שוין עטלעכע מאָנאַטן, מ'האָט זיך שוין געהאַט פאַרליבט איינע אין די אַנדערע, ווי יונגע מענטשן קאָנען. נו, האָט ער זיך דערוואוסט, אַז איר טאַטע האָט אַ בורזשואַזע פּסיכאָלאָגיע, און ער, דער סטאָליאַר, האָט אָפּגעבראָכן דעם שידוך.

וואָס זאָגט איר ניט אויף דעם? אַ סטאָליאַרטשיק שטייט ניט אָן צו מתחתן זיין זיך מיט דער טאָכטער פון ר׳ נפתלי, ווייל ער האָט אַ בורזשואַזנע פּסיכאָלאָגיע!

און וואָס מיינט איר — זי האָט ביטער געוויינט. טאָמער, זאָגט זי, האָב איך שוין געקאָנט קריגן אַ פּראָלעטאַריער פאַר אַ מאַן, איז מיר מיין גליק צעשטערט געוואָרן.

נו, ווי געפעלט אייך, וואָס ביי מענטשן הייסט אַ גליק?

איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, מיר וואָלט ניט אַרן די גאַנצע געשיכטע, איר ווילט ניט קיין כשר — דאַרף מען ניט, איר ווילט זיין באָלשעוויקעס — געזונטערהייט, אָבער לאָזט צורו גאָט און געשעפט.

אָבער ניין, דאָס זיינען באָלשעוויקעס, עקשנים וואָס ווען אייך ניט נאָכגעבן, כאָטש נעם פּלאַץ!

ווי פרעגט איר, וואָס דיינק איך צו טאָן? איר ווייסט דאָך ווי מ׳זאָגט: מען זאָל ניט געפּרואווט ווערן מיט וואָס מ׳קאָן גע־וואוינט ווערן, מיר׳ן זיך... — — —

# אַ יום-כיפור דינער

אַלע, וואָס האָבן געקענט סעמקען, האָבן אים ליב געהאַט, ווייל סעמקע איז געווען אַ פריילעכער לונג-און-לעבער, אַ שטיפער און אַ וויצלער. ניט אומזיסט פלעגט מען אויף אים זאָגן, אַז פאַר אַ וויץ איז ער גרייט צו באַגיין אַ מאָרד, און אַפּצוטאָן אימיצן אַ שפּיצל מעג מען אים אויפוועקן אינמיטן דער נאַכט.

דער סעמקע איז געזעסן מיט אַ גרופּע יאַטן און מ'האָט לוסטיק פאַרבראַכט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

ווען חברה האָבן גענומען זיך קלייבן אַהיים, האָט יעדערער פאַרבעטן סעמקען צו קומען פאַרברייננגען יום-כיפּור און טאַקע עסן אַ גוטן „דינער".

די יאַטן, וועלנדיק זיין זיכער, אַז סעמקע וועט קומען, האָבן אים שטילערהייט איינגערוימט אין אויער. איינער האָט אים פאַרזיכערט, אַז ער האָט גוטן וויין; אַ צווייטער — אַז ער האָט גוטן שנאַפּס; אַ דריטער — אַז ער האָט אַביסעלע ווישניאַק, איז דאָס שוין אַלט עטלעכע און פערציג יאָר. און אַזוי האָט יעדער געפּרואווט אַריבערשטייגן דעם צווייטן, כדי זיכער צו האָבן דעם פריילעכן לונג-און-לעבער צו דעם יום-כיפּור-„דינער".

סעמקע האָט ווי צו זיך אַליין אַ שמייכל געטאָן און האָט די געסט געהייסן וואַרטן אַ ווײַלע, ווייל ער האָט אַ גוטן פּלאַן.

— הערט, איך וויל ביי אייך אַלעמען פאַרברייננגען, אָבער איך קאָן דאָך צו אַלעמען ניט גיין, — ווי וואָלט געווען אַ פּלאַן, אַז איר זאָלט ברייננגען די שנאַפּס מיט די וויין מיט די ווישניאַק צו מיר און אַזוי ווי מיינע צימערן זיינען גרויסע, וועלן מיר מאַכן פאַר אַלעמען צוזאַמען אַ „דינער" און מיר וועלן טאַקע קאָנען גוט פאַרברייננגען.

— זייער גוט! — האָבן אַלע אונטערגעכאַפּט.

— אָבער איך האָב אַ ברודער, וואָס וויל זיין צוזאַמען מיט מיר — האָט איינער באַמערקט.

— און איך האָב אַ שוואָגער — האָט אַ צווייטער געזאָגט.

— ס׳מאַכט ניט — האָט סעמקע זיי פאַרזיכערט — עס וועט זיין פאַר אַלעמען פּלאַץ און קיין עסן וועט אויך ניט פעלן, די הויפּט־זאַך, עס זאָל נאָר זיין וואָס צו טרינקען.

— דאָס וועט ניט פעלן — האָבן אַלע מיט איין קול פאַר־זיכערט.

אויף מאָרגן האָבן אַלע פון די איינגעלאַדענע געסט גענומען טראָגן „גאַלונס" צו סעמקען אין הויז אַריין, ווער אַ גאַלון ווײַן און ווער אַ גאַלון שנאַפּס און ווער אַ פלאַש ווישניאַק — מיט איין וואָרט, אַלע האָבן געהאַלטן אין איין טראָגן און גרייטן זיך פאַרן יום־כיפּור־„דינער"

סעמקע, דערזעענדיג די גאַלונען שנאַפּס און ווײַן, איז ניט קאַרג געווען, און וואו ער האָט נאָר באַגעגנט אַ פריינט, האָט ער אים פאַרבעטן צו זיך צו דעם יום־כיפּור־„דינער".

ענדלעך איז געקומען יום־כיפּור. סעמקע איז דאָס מאָל אויפ־געשטאַנען פריער ווי אַלעמאָל, אויפגעוועקט זיין חבר׳טע און געהייסן גיך זיך אָנטאָן.

— קום! — האָט ער איר געזאָגט, — איך האָב צוגעזאָגט מיין ברודער צו קומען היינט אויף פרישטיק.

די פרוי, ניט ווויסנדיג פון קיין זאַך, האָט זיך גיך אָנגעטאָן און מיטגעגאַנגען.

סעמקע האָט זיך אָבער צוריקגעכאַפּט און אויפגעהאַנגען אַ שילדל אויפן טיר, וואָס האָט זיך אַזוי געלייענט: צוליב דער גרוי־סער צאָל געסט, וואָס ווערט דערוואַרט, פאַרשטיי איך, אַז דער פּלאַץ איז צו־קליין, און דערפאַר האָבן מיר זיך אַריבערגעקליבן אין אַ באַקוועמערן פּלאַץ, — קומט גלייך צו"...

צוועלף אַזייגער האָבן זיך גענומען קלייבן די איינגעלאַדענע געסט, — ווער עס קומט צו צום טיר, לייענט איבער דאָס „שילדל" און בלייבט שטיין ווי אָפּגעשמיסן. ווער ווייסט וואוהין צו גיין?

— מיר׳ן וואַרטן — עצה׳ט איינער דעם אַנדערן — מסתמא ווייסט עמיצער דעם אַדרעס, און אפשר וועט ער אַליין באַלד קומען אונז נעמען.

אַזוי מיט יעדער מינוט ווערט גרעסער דער עולם און די עצה ווערט איבערגעגעבן פון איינעם צום צווייטן, און אַלע וואַרטן.

דער עולם רוקט זיך און דער עולם שטופּט זיך; מענטשן שטייען שוין אין די צענדליגער פאַר׳חלש׳טע און וואַרטן אויף דעם גוטן „דינער".

פיר אזייגער פאַרנאַכט איז סעמקע אהיים געקומען בגילופנ׳דיג מיט זיין שטענדיגן שמייכל, וואָס ער האָט נאָך דעם, ווען ער טוט עמיצין אָפּ א שפּיצל.

ווען ער איז צוגעקומען נאָענט צום טיר און געטראָפן ארום הונדערט מענטשן זיצן פאַר׳חלש׳טע אויף די טרעפּ און אויפן פלאָר, האָט ער מיט א געמאַכטער ערנסטער מינע זיך צעשריען:

— שעמען מעגט איר זיך! ראַדיקאַלע מענטשן און האַלטן פון יום־כיפּור און פאַסטן אָפּ א גאַנצן טאָג!...

ווען אַלע האָבן זיך געכאַפּט, אז דאָס איז געווען סעמקע׳ס א שפּיצל, האָבן זיי שטאַרק זיך צעלאַכט:

— דער חברה־מאַן איז ווערט דעם שנאַפּס... אבער — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אויב איר ווילט, נעמט זיך א מוסר־השכל פון דער מעשה: דער, וואָס לאָזט זיך פאַרפירן, מוז בלייבן א הונגעריגער...

## „מיט גאָטס הילף"

אין דעם דרעס־שאָפּ פון מיסטער שוואַרץ און קאָ. האָבן די פּאַר־לייט אַלעמאָל אַכטונג געגעבן, אַז קיין לינקער זאָל זיך ניט אַריינ־כאַפּן צו דער אַרבעט. איבערהויפּט האָט מען זיך שטאַרק געהיט, ווען די יוניאָן האָט אָנגעפאַנגען אַ קאַמפּיין צו אָרגאַניזירן די אַר־בעטער כדי צו געווינען מענטשלעכע באַדינגונגען.

פלעגט אַריינקומען אַן אַרבעטער, האָט אים איינער פון די פּאַר־לייט גלייך גענומען אויף אַ „קראָס־עקזאַמינייישאָן". איז דאָס געווען אַ מאַן, האָט מען אים גלייך געפרעגט צי ער פאַסט יום־כיפּור, צי זאָגט ער קדיש, צי וואַרט ער זעקס שעה נאָך פלייש צו עסן מילכיגס און צי לייענט ער דעם „פאָרווערטס" און צי לייענט ער „קריאת־שמע".

איז דאָס ווידער געווען אַ מיידל, האָט מען זי געפרעגט, צי וואוינט זי אין די קאָאָפּעראַטיווע הייזער, צי פאָרט זי אין קעמפּ זומער־צייט און צי גלויבט זי אין פרייע ליבע.

אַזוי פלעגט מען „עקזאַמענירן" די אַרבעטער און זעלטן־ווען האָט טאַקע געקאָנט זיך אַריינכאַפּן אַ לינקער אין שאָפּ.

איין פרימאָרגן זיינען געשטאַנען די אַרבעטער אין אָפּיס פון דער יוניאָן און דיסקוטירט ווי צוצוטרעטן צו דעם שאָפּ. יעדער איי־נער האָט דערציילט פון עפּעס אַן אַנדער דערפאַרונג, וואָס ער האָט געהאַט מיט דער פירמע פון שוואַרץ און קאָ.

איינע פון די אַרבעטערנס, וואָס איז געווען פאַרטיפט, צוהערנדיג די אַלע געשיכטעס וועגן דעם שאָפּ, האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן ווי פון חלום.

— איך וועל מאָרגן זיין אין דעם שאָפּ און איך וועל דאָרטן „מיט גאָטס הילף" בלייבן אַרבעטן! — האָט זי בראַוו אַרויסגעזאָגט.

די אַרומיגע האָבן זיך צעלאַכט, וואָס פלוצלונג האָט זי אָנגע־פאַנגען צו רעדן וועגן גאָט.

אויף מאָרגן איז די אַרבעטערן אויפגעשטאַנען, זיך פאַרפּוצט אין אירע שענסטע קליידער, אָפּגעפאַרבט אירע ליפּן, באַקן, אָפּגע־

ווייסט איר געזל, „צוגעפיקסט" די ברעמען און איז אַרויף אין שאָפּ פון שוואַרץ און קאַ.

דער פאָרמאַן האָט זי אָפּגעמאָסטן מיט זיינע ביטערע אויגן. באַטראַכט די געפאַרבטע ליפּן און האָט זי גענומען פרעגן:

—ווי רופט מען אייך?

— העלענאַ.

— באַלאַנגט איר צו דער יוניאָן?

— וואָס?!

— וואָס טוט אייער פאָטער?

— אַ שמש אין אַ שול.

— אַרבעטסטו שבת?

— ניין, ווייל מיין מאַמע וועט ניט קאָנען ליגן רואיג אין איר קבר.

—קענסטו לייענען אידיש?

— יע.

— לייענסטו אַמאָל די „פרייהייט"?

— וואָס? מיר האָבן אין הויז בלויז דעם „פאָרווערטס", ווייל צו אונז קומט דער פּרעזידענט פון שול און ער לייענט נאָר דעם „פאָרווערטס" צוליב דעם „בינטל בריף".

— „סיט דאַון טו וואָרק!" — האָט דער פאָרמאַן איר אָנגעוויזן די מאַשין.

די אַרבעטערן האָט זיך אָנגעקוקט ביי דער מאַשין, און אין אַ וואָך אַרום איז צו אַלעמענס איבעראשונג דער שאָפּ אַרונטער אין סטרייק.

אזוי האָט איר „גאָט" געהאָלפן... צו אָרגאַניזירן נאָך אַ לינקן שאָפּ.

# איך דערקלער זיך באַנקראָט

(מאָנאָלאָג)

טפו זאָלט איר ווערן! איך האָב זיך פּשוט דערשראָקן, געמיינט עס גייט אַ נייער בעל־חוב אויף מיין קאָפּ.

איך זאָג אייך, עס איז ניט אויסצוהאַלטן, כאָטש נעם און עפּן אויף אַן אָפּיס, שטעל־אַן אַ בוכהאַלטער און זאָל ער פירן מיינע געשעפטן.

ניט אַריבערצוטראָגן, — אַט אַזוי ווי איר זעט, אַ גאַנצן טאָג מאַכט זיך ניט צו די טיר. גלייך פאַרטאָג האָט מיר שוין אָנגעקלאַפּט דער לענדלאָרד און געלאָזט וויסן, אַז דאָס איז שוין דער דריטער מאָנאַט, וואָס איך צאָל ניט די רענט, און אויב עס וועט ווייטער אַזוי אָנהאַלטן, וועט באַלד ווערן פיר מאָנאַטן, און פאַר ניט צאָלן פיר מאָנאַטן קיין רענט שטייט מען אין גאַס.

איך האָב אים אָנגעקוקט, ווי נאַריש אַ מענטש מאַכט זיך! האָט ניט וואָס צו טאָן, ציילט ער מיר מאָנאַטן. ער איז ברוגז געוואָרן און איז אַוועק. איז גלייך אַריינגעקומען דער מילכמאַן. מיט אים אָבער האָב איך שוין געמאַכט קירצערע צערעמאָניעס און געענטפערט ווי אַ ביזנעסמאַן: אויב אייך לוינט זיך ניט צו טאָן מיט מיר קיין ביזנעס — טאָ האָט מיר אַ גוטן!

איז אַוועק דער מילכמאַן, איז אַריינגעקומען דער גראָסערימאַן... ער האָט שוין עפּעס אינגאַנצן מיט מיר ניט געוואָלט רעדן, און ווי מיר דאַכט זיך, וועל איך פון אים האָבן אַ פינסטערן אָפּשניט...

פון דער „נעקסטדאָריגער" איז שוין גאָרניט אויסצוהאַלטן. חוץ דעם, וואָס זי מאָנט די לומפּיגע פיר דאָלער, וואָס איך האָב לענגער אַ כאָפּ געטאָן אויף אַ ווײַלע, און די פערצן דאָלער, וואָס איר קומט פון לענגער, ברייינגט זי מיר נאָך באַריכטן, אַז דער גראָסערימאַן וועט מיך מער אין זיין סטאָר ניט אַריינלאָזן, דער בוטשער פרעגט זיך נאָך אויף מיר, דער לאָנדרימאַן האָט מיר געשיקט אַ גרוס... און אַז דער שוסטער וואַרט נאָר פאַר דער געלעגנהייט מיך צו פּאַקן אין גאַס.

דערצו קריג איך גאַנצע זעק מיט בריף — יעדן טאָג, גלייך ווי מיינע געשעפטן וואָלטן געהאַט פאַרבינדונגען פון נאָרד־פּאָל ביזן שטערן מאַרס. אָט שרייבט מען מיר אַריין פון דער אַקציע, וואו איך קום נאָך צוויי און פופציג דאָלער אויף דעם הונדערטער, וואָס איך האָב געבאָרגט.

„מיר לאָזן אייך וויסן, אַז אויב איר מאַכט ניט גוט אייערע שולדן ביז נעקסטן מיטוואָך, וועלן מיר זיין געצוואונגען אויפצו־מאָנען די געלט פון די, וואָס האָבן פאַר אייך גוט־געזאָגט".

לייען איך איבער און טראַכט, אַז ס'איז ניט מער ווי רעכט, אויב מענטשן האָבן גוט־געזאָגט, זאָלן זיי גוט־מאַכן. מענטשן דאַרפן זיין וואָרטסלייט.

עפן איך אַ צווייטן בריוו, דאָס איז שוין פון מיין סאָסייעטי. לאָזט מען מיר וויסן, אַז אויב איך באַצאָל ניט צו דעם ספּעשל מיטינג מיין ביל, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן פאַר די לעצטע אַכט מאָנאַטן, וועל איך געשטראָכן ווערן, און אויב איך וועל קריינקען דורך דער צייט ביז וואַנען איך וועל זיך צוריק גוט מאַכן, וועט דאָס זיין געקריינקט אומזיסט...

אַ דריטער בריוו קומט מיר אָן פון דער פייער־אינשורענס קאָמ־פּאַני, וואו מ'לאָזט מיר וויסן, אויב איך באַצאָל ניט דעם ביל, מעג איך ברענען פון היינט ביז מאָרגן, קריג איך קיין סענט ניט.

נו, חוץ דעם קומט מיר אָן פון דער עלעקטריק קאָמפּאַני, פון דער זינגער מאַשין קאָמפּאַני, פון אַ פאָנאָגראַף קאָמפּאַני — אָט אַזוי ווי איר זעט, האָב איך צו טאָן מיט די גרעסטע קאָמפּאַניס...

אַזוי שטיי איך אויף אינדערפרי און פאַנג אָן צו רעכענען: היינט נעמען ביי דעם און סעטלען מיט דעם, באָרגן דאָ אַ פינף־און־צוואַנציגער און אָפּגעבן דאָ אַ צענער און דאָ אַ פופצענער.

היינט די תירוצים, וואָס איך באַדאַרף דאָס, איידער איך קריג ערגעץ געבאָרגט אַ צענערל. זאָגן איינעם גלאַט אַזוי „באָרג מיר אַ צענערל", וועט ער מיך אָנקוקן ווי אַ יאָלד — וואָס הייסט עפּעס איך זאָל דיר באָרגן? ווער ביסטו, וואָס איך זאָל דיר געבן מיין שווער־פאַרהאָרעוועטע געלט?

אָבער אַז איך גיב אַ נעם אַ אידן און פרעג אים: קאָנסט מיר אפשר פאַנאַנדערבייטן אַ הונדערטער? איך דאַרף אַריינגיין עסן און איך האָב ניט קיין קליינגעלט — מעסט ער מיך טאַקע אָפּ מיט

די אויגן, אָבער דערנאָך ווערט ער בעסער און זאָגט שוין גוטברודע־ריש: וואָס, איר לאַכט פון מיר? ווי קומט צו מיר א הונדערטער? איך קאָן אייך געבן א צען דאָלער דערווייל צו גיין עסן, און שפּעטער ווען איר וועט צעבייטן, וועט איר מיר אָפּגעבן.

אָדער עס פאַלט אריין דער קאַסטימער־פּעדלער צו מיר אין הויז און צעלאָזט זיך מיט זיין באַסאָווער שטימע: „מיסטער, וואָס וועט זיין דער סוף? איר האָט גענומען א סוט מיר איינגעצאָלט דריי דאָלער, שוין באַלד אריבער א יאָר, די הויזן האָבן שוין באַלד לעבער און קיין געלט זע איך ניט! אָדער צאָלט עפּעס איין, אז ניט, וואַרפט זיך ארויס פון די הויזן!"

זע איך דאָך, אז דער פּעדלער ווערט ערנסט, און גערעכט איז ער דאָך אויך, בעט איך אים וואַרטן א ווײַלע, איך וועל גיין אויס־בייטן א טשעק. נו, וואָס מיינט איר, אז איך כאַפּ זיך שוין ארויס פון הויז, בין איך עפּעס א גרינער, און דער קאַסטימער־פּעדלער האָט שוין מער גאָרניט וואָס צו טאָן, ווי צו זיצן ביי מיר און פאַרענט־פערן זיך פאַר די באַזוכער, אז ער איז דאָס, ניט איך, דער בעל־חוב.

סיי־ווי, איך וואַרט אונטן אזוי לאַנג, ביז איך זע, אז ער קריכט ארונטער פון הויז, דאַן כאַפּ איך זיך צוריק ארויף און לאָז זיך גוט אויס.

נאָר אויב איך בין שוין יאָ א ביזנעסמאַן, טאָ פאַרוואָס זיך ניט דערקלערן באַנקראָט, ווי עס פּאַסט טאַקע פאַר א ביזנעסמאַן? וואָס דאַרף איך נעמען ביי דעם און געבן יענעם? אמער זאָל נעמען דער און יענער און זיך שלאָגן קאָפּ אין וואַנט. וואָס איז, איך דאַרף דאָס אַכטונג געבן אויף זייער געלט?

זאָגט, אייך בין איך נאָך גאָרניט ניט שולדיג? טאָ באָרגט מיר טאַקע א פינפערל, וואָרים די באַנק, וואו איר האַלט אייער געלט, איז אויך ניט זיכער פון א באַנקראָט...

# אלי־„בראָדערס"

דער קאָנצערט, וואָס איז אָראַנזשירט געוואָרן פון דער חברה „אהבת כסף" צו בויען אַ נייע מקוה, איז ווייט און ברייט אַנאָנסירט געוואָרן. אויף יעדן טעלעגראַף־סלופּ, אויף יעדן קוימען, און איבעראַל, אויף טיר און טויער, האָבן געשטראַלט די „וועלט־באַרימטע קרעפּטע", וואָס וועלן זינגען אידישע ניגונים אין אַלע שפּראַכן.

נאָך אַ לאַנגער מאַטערניש, דורך שניי און רעגן, איז ענדלעך געקומען דער גוט־אַדוועטייזטער „שאַבעסצענאַכץ". און נאָך אַ לאַנגער שטופּעניש איז דער עולם געקומען צו דעם „שאַבעסצענאַכץ" פאַרברענגען.

זיינען געזעסן אויסגעזעצט אידן מיט בערד און אָן בערד, מיט געקרייזלטע פּאות און פּאה'לעך, מיט זיידענע קאַפּאָטעס, מיט יאַרמולקעס און גלאַט היטלען, און אַרויפגעקוקט צו די פרויען אויף די באַלקאָנעס, וואָס זיינען געזעסן מיט דימענטן אויפן האַלז און מיט אָפענע הערצער צו גאָט... און שטיל געבעטן, אַז די „באַרימטע קרעפּע" זאָלן זיי העלפן אויסצובויען אַ כשר'ע מקוה.

דער טשערמאַן האָט אַלע ווײַלע געוואָרפן זיינע אויגן צום טיר — צי עמיצער פון די „קרעפּטע" איז שוין דאָ. ער האָט דערזען דעם חזן פון שול, און אַן לאַנגע צערעמאָניעס האָט ער אים פאַרגעשטעלט.

דער חזן איז אַרויף אויף דער פּלאַטפאָרמע, זיך אַנטשולדיגט, וואָס ער האָט זיך מיט קיין זאַך ניט צוגעגרייט, אָבער ער וועט זינגען זיין „היט" — „אלי אלי למה עזבתני".

ער האָט אָפּגעזונגען און דער עולם האָט אים וואַרים אַפּלאָדירט.

דער טשערמאַן האָט אַ קוק געטאָן הינטער זיך, און ניט געפינענדיג מער קיין „קרעפּטע", האָט ער גענומען שטופּן דעם חזן נאָך עפּעס צו זינגען.

— איך האָב ניט מער וואָס — האָט דער חזן זיך געבעטן.

— זינגט נאָך אַמאָל „אלי אלי", — האָט דער טשערמאַן אים געקלאַפּט איבערן פּלייצע — איר זעט דאָך, אַז דאָס האָט געמאַכט אַ „היט".

דער חזן האָט ווידער געזונגען „אלי אלי”.

ווען ער האָט פאַרענדיגט זינגען, איז דער טשערמאַן געבליבן שטיין אין פאַרלעגנהייט, ניט ווּיסנדיג וואָס ווייטער צו טאָן. אָבער דאָ האָט אַריינגעמאַרשירט איינער פון די „קרעפּטע”, דער איד מיט דער טשעלאָ. דער טשערמאַן האָט אים גלייך פאָרגעשטעלט.

דער איד האָט זיך אויסגעהוסט, איינגעזעצט זיך אין שטול און אונטער דער באָרד אַ בורטשע געטאָן:

— איך וועל אייך שפּילן דאָס באַרימטע ליד „אלי אלי”.

ווי דער טשערמאַן האָט דערהערט, אַז דער איד מיט דער טשעלאָ ענדיגט שוין, און דאָ איז אַריינגעקומען די פּיאַניסטקע, האָט ער גלייך פאַרכאַפּט דעם „טשער”, מורא האָבנדיג, אַז דער טשעליסט זאָל חלילה ניט איבערשפּילן נאָכאַמאָל דעם „אלי אלי”, און האָט פאָר־געשטעלט די פּיאַניסטקע.

די פּיאַניסטקע, אַ שיין מיידל, האָט אַ גלעט געטאָן די ברעמען. אַ צי געטאָן דאָס קליידל, און איינגערוימט עפּעס דעם טשערמאַן.

דער טשערמאַן האָט זיך אַ וויג געטאָן פאַר שרעק און מיט זיינע לעצטע כוחות אַ כאָרכל געטאָן צום פּובליקום:

— „אלי אלי”.

ווען די פּיאַניסטין האָט אָפּגעשפּילט און דער עולם האָט אַפּלאָדירט האָט זי צוגעלייגט נאָך אַ שטיקל „אלי אלי”.

דער טשערמאַן האָט זיך געמאַכט מוט און ווידער גענומען פאָר־שטעלן:

— איצט קומט דער קנאַק פון אָוונט. איך וועל אייך פאָרשטעלן אַ וואונדער־קינד, וואָס האָט שוין געשפּילט צו די גרעסטע קאָנצערטן. זיין נאָמען איז מאיר'קע. דאָס איז אונזער פּרעזידענט'ס זון, און ווייסט איר וואָס ער וועט שפּילן?

— „אלי אלי” — האָט זיך דער עולם צעלאַכט.

דאָס וואונדער־קינד האָט געמיינט, אַז דער עולם בעט „אלי אלי”, האָט ער טאַקע גלייך גענומען צימבלען אויף זיין פידעלע דעם „באַרימטן אלי אלי”.

ווען דאָס וואונדער־קינד האָט פאַרענדיגט, האָט דער וויים־פּרעזידענט גענומען פּראָטעסטירן, וואָרים מען גיט ניט זיין קינד קיין „שאָו”.

באלד האָט די וויים־פּרעזידענטיכע ארויפגעשלעפּט איר מיידעלע אויף דער בינע און אויסגעשריען:

— זינג עפּעס, שיינדעלע, נאָר ניט „אלי אלי".

דאָס קינד איז געשטאַנען צעטומלט און זיך געבעטן:

— מאַ, מאַ, אז איך קען ניט קיין אנדער סאָנג — און שיינדעלע האָט גענומען זינגען „אלי אלי".

— — — — — — — — — — — — — — — —

דער איד, וואָס האָט מיר דערציילט די מעשה, האָט פאַרענדיגט מיט א קרעכץ:

— זאָל מיר שוין גאָט מער ניט שטראָפן, אז איך זאָל דאַרפן פאַרפאַלגט ווערן פון די „אלי־בראָדערס"... איך ליג געוויס אין דר'ערד פון די „קאָהן־בראָדערס", וואו איך בין א „וואטשמאן", אָבער צו די „אלי־בראָדערס" קומט דאָס ניט...

## פערזאנען:

מיסטער שטיינמאַן — באָס.

מיסטער קונקל — פּאָליטישן.

מיסטער מונקל — רעפּאָרטער פון א באַלעבאַטישער צייטונג.

הערי ווייזמאַן — שאַפּ־טשערמאַן.

ערשטער ארבעטער.

צווייטער ארבעטער.

דריטער ארבעטער.

פערטער ארבעטער.

פרוי און קינד.

מעסענדזשער-אינגל.

עלעווייטאָר-מאַן.

מאַסן-סטרייקער — אין דער פּיקעט־ליין און מאַשינען־טאַנץ.

די סצענע קומט־פאַר אין אָפיס פון א גרויסער פאַבריק, וואו עס גייט־אָן א סטרייק. דער אָפיס איז רייך מעבלירט. אין דער רעכ־טער זייט — א גרויסער דעסק, שטול, טעלעפאָן און אַלע אַנדערע נויטיגע מכשירים פאַן א רייך־אויסגעשטאַטעטן אָפיס. אין דער וואַנט צו דער רעכטער זייט זעט זיך א גרויסער פענצטער און א טיר — הויפט־אריינגאַנג פון גאַס. דערביי — א קליין אָפן פענצטערל.

לינקס — א ברייטע קאַנאַפּע, וואָס שטייט נאָענט צום צענטער; א הייגער מיט קליידער. נאָענט צום וואַנט, לינקס — א ווייסער פאָרצעלייענער וואַסער־קילער — פאָרויס.

אנטקעגן — א וואַנט, וואָס איז דער אריינגאַנג צום שאַפּ, און צעעפנט זיך גיך אין ביידע זייטן, ווען עס ווערט געוויזן דער מאַשינען־טאַנץ דורך א גוט־דורכזיכטיגן פאָרהאַנג.

(עס הערט זיך א מאַסן־געזאַנג: „סאָלידאַריטי פאָרעווער". פאָרהאַנג הויבט זיך אויף לאַנגזאַם. מר. שטיינמאַן שפּאַנט ארום פאַרביטערט איבערן אָפיס, קלאַפּט זיך א האַנט אין א האַנט, קוקט ארויס דורכן פענצטער.)

---

מיסטער שטיינמאַן (כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ. בלייבט שטיין לעבן דעסק): — אָ, מיין קאָפּ! (נעמט ארויס פון קעשענע א קעסטל מיט פילן. גייט־צו, נעמט אביסל וואַסער, שלינגט ארונטער א פיל.) זאָלן זיי צעסאָלידאַרעוועט ווערן! ווי ווערט דאָס זיי ניט נמאס? דאַכט זיך, האָבן ניט וואָס צו פרעסן, און הערן ניט אויף צו זינגען א גאַנצן טאָג! זיי ווילן מיך צו משוגעת טרייבן! אָך און ווי וועט זיין, ווען איך וועל אַרויס פון די כלים! איך וועל זיי צעשיסן ווי די הינט. (לויפט־צו צום פענצטער, זיי זינגען שטאַרקער „אָן דהי ליין". ער טייטלט מיטן פינגער.) ער אויך? אזוי, ער אויך! אָט־דאָס איז ביי מיר געווען א פאָרמאַן. ער אויך מיט זיי. וואַרט! (דראָעט מיטן פינגער. לויפט־צו צום טעלעפאָן. „דייעלט") העלאָ, הענטשמען? מיס־טער הענטשמען פון דער אסאָסיאיישאָן? איך בעט אייך — יאָ, דאָס רעדט שטיינמאַן. שיקט גלייך צו פּאָלים. טאַקע גלייך. איך גיי אראָפּ פון זינען. זיי מאַכן מיך משוגע. זיי לאָזן קיינעם אין שאַפּ

ניט אריין. ניין! זיי זיינען ניט געקומען. איך האָב איננאַנצן פאַר־מאַכט, אָבער זיי זינגען, יאָ, זיי זינגען! גוט. גוט! גודביי!

מאַסן: — סקעב! בו־בו! בו! (עס הערן זיך געשרייען).

שטיינמאַן: — אַז צעפּוקעט זאָלן זיי ווערן! (קרימט זיי אי־יער.) בו, בו!

מאַסן־געזאַנג:

פּיקעט, פּיקעט, פּיקעטן, —
סטרייק איז אונזער וואָפן!
פּיקעט, פּיקעט, פּיקעטן, —
מיר ווילן מער ניט שקלאַפן!

שטיינמאַן: —פּיקעט, פּיקעט, צעפּיקעט זאָלט איר ווערן.

(עס קלינגט די „בעל". שטיינמאַן ענטפערט. די טיר עפנט זיך. מיסטער קונקל און מיסטער מונקל קומען אריין. ביידע מיט „דוירבי העטס", שטעקלעך אין די הענט, פון איין אויסזען. שטיינמאַן דער־פרייט זיך, לויפט זיי אַנטקעגן).

מיסטער קונקל (גיט די האַנט): — נו, וואָס מאַכט מען עפּעס?

שטיינמאַן (גיט די האַנט אויך דעם מיסטער מונקל): — וואָס מאַכט איר, מיסטער קונקל, און ווי גייט עס, מיסטער מונקל? וואָס הערט זיך? כאַ־כאַ־כאַ! דאָס האָט מען אייך געגעבן אַזאַ ברוך־הבא? איך האָב דעם הוקען און בוקען געהערט דאָ, אַזש אין דער הויך. אַ טייוול זאָל זיי נעמען! ווי עס ווערט זיי דאָס ניט נמאס אַזוי אַ גאַנצן טאָג, ווי איר זעט מיך לעבן!

מיסטער מונקל: — זיי מיאוס ווערן? זיי קאָנען דאָך וועלטן איבערקערן! דאָס זיינען דאָך חוצפּה'ניקעס! נאָר דערשיסן איז פאַר זיי איין מיטל! אַלזאָ, וואָס הערט זיך עפּעס ביי אייך?

מיסטער קונקל: — האָט איר שוין כאָטש געגוג סקעבס? איך קום איצט פון פּאָליציי־דעפּאַרטמענט. מיר וועלן איצט קריגן צען פּאָליסלייט פאַר יעדן סקעב, און זיי וועלן קריגן צען קלאַבס פאַר יעדן מאָל, וואָס זיי וועלן אַ געשריי טאָן „סקעב".

שטיינמאַן (פרייט זיך): — אַט־אַזוי! דערווייל אָבער האָב איך גאָר קיין סקעבס ניט, און די פּאָר, וואָס זיינען געבליבן, האָב איך אויך געמוזט אַרונטערשיקן, ווייל אין אַלע סעקשאַנס פעלן „הענט".

מיסטער קונקל (שטעלט־אַן דעם אויער): — אָבער איך הער דאָך, ווי מאַשינען גייען ביי אייך?

שטיינמאַן (זאָגט זיי שטיל אויפן אויער): — דאָס האָב איך עקסטרע ארויפגעלייגט שטיינער אויף די טרעטערס, אז די ארבעטער, וואָס גייען פאַרביי פון די אנדערע פלאָרס, זאָלן איבערגעבן די סטרייקערס, אז מיין שאַפּ גייט „פול ספּיד". איר פאַרשטייט? (אַלע צעלאַכן זיך מיט ביטערקייט).

מיסטער מונקל: — נו, ווי געפעלט אייך דאָס שטיקעלע נייעס, וואָס מיר האָבן געדרוקט דאָ היינט אין דער פרעסע?

שטיינמאַן: — זייער גוט! איך האָב געלעקט די פינגער פון דעם. (גיט אַ זוך די ציימונג אויפן טיש.) אָבער הערט נאָר, וואָס וועט פאַרט זיין? (ווענדט זיך צו מיסטער קונקל) איר ווייסט דאָך ביי אַ מיטינג; איז צווישן מיר און אייך זאָל דאָס בלייבן; (ווענדט זיך צו מיסטער מונקל.) איר נאַרט אייערע לעזער און מיר נאַרן די מיטגלידער אין אונזער אַסאָסיאיישאַן. דער אמת איז, אַז איך אַליין בין שוין אויך באַנראַבן. איך שטריינג זיך אָן אויפצוהאַלטן מיין לעצטן גרויסן אָרדער, און טאָמער קריג איך אים ניט געמאַכט קומענדיגע וואָך, וועל איך מעגן גיין זינגען צוזאַמען מיט זיי. (ווייזט צום פענצ־טער.) פאַרגעסט ניט, אַז דאָס איז שוין די אַכטע וואָך. אַ ריכטיגער ארבעטער שעמט זיך צו זיין אַ סקעב. און אַ סקעב היינטיגע צייטן — לאָזט מיר אייך זאָגן — קאָסט אַ סך געלט, און עס איז ניטאָ קיין ארבעט פון אים. און הערט, וואָס איך וועל אייך זאָגן אַ סוד, אַז די מיטגלידער פון דער אַסאָסיאיישאַן פאַרווינען די יאָרן.

מיסטער קונקל: — נאָר געדולד!

מיסטער מונקל: — יע, געדולד! זיי וועלן בעסער ווערן. עס וועט זיי נאָר אַ בריפע טאָן (ווייזט אויפן בויך און פאַרקרימט זיך) אָט־אָ־דאָ, וועלן זיי קומען צולויפן. און אַ זיג, מיסטער שטיינ־מאַן, איז אַ געשמאַקער ביסן.

שטיינמאַן: — אַז איר קאָנט זיי גאָרניט פאַרשטיין. דער מייוול ווייסט אייך. אָט־אַזוי מאַכט איר אַלעמאָל חשבונות, וואָס שטימען ניט. ווייסט איר ניט, אַז זיי האָבן אויך געדולד, און זייער געדולד איז ווי פון אַ רוסישן פויער? איר הערט, מיסטער מונקל, זיי קאָנען לעבן מיט אַ גאָרניט. און האָט איר געזען זייער מוט, ווי

זיי שטעלן זיך דאָס אנטקעגן? זיי האָבן דאָך ניט קיין מורא פאַר פּאָליציי. דער שווארץ־יאָר שרעקט זיי ניט איבער.

מיסטער קונקל: — איין מיטל פאַר זיי — פּריזאָן!

מיסטער מונקל: — יע, פּריזאָן, צעזעצן די פייגעלעך אין די שטייגן, און זאָלן זיי דאָרט זינגען. כאַ־כאַ־כאַ!

מיסטער קונקל: — אויף אַ יאָר, אויף צוויי, אויף דריי, דאָן וועט נעמען אַ גיכער סוף.

מיסטער מונקל (כאַפּט זיך צום זייגער, גיט אַ קוק): — איך האָב זיך גאָר פאַרגעסן, אַז איך דאַרף זיין אין קאָורט.

מיסטער קונקל: — יע, היינט קומט־פאָר דער טרייעל פון אייער שאַפּ־טשערמאַן און די אַנדערע זעקס ארעסטירטע. מ'דאַרף זיי איינטוילן צו ריכטיגע פּאַרציעס.

שטיינמאַן: — דאַצרייט! איצט מאַכט דעם אָנפאַנג, איבער־הויפּט דעם טשערמאַן. ווען איר קאָנט אים אַפּבראַטן אויפן עלעק־טריק־טשער — טוט עס! זעט איר, דעם מיסטער (וויל זיך דערמאָ־נען דעם נאָמען) הערשל, הערי — אים לאָזט אויס. אים וויל איך איצט מאַכן פאַר פאָרמאַן. ער איז אָלרייט. זייער אַ וואוילער מענטש. ער איז מיר אַ פריינט. גיט מיר איבער יעדעס וואָרט פון די סטריי־קערס און ער איז טאַקע פון די, וואָס דער שאַפּ קאָן זיך אָן זיי אַ טאָג ניט באַגיין. דאָס איז אַ גאָלדענע „האַנט". דעם צווייטן, ווי הייסט ער דאָרט? דערלאַנגט זיי און זאָלן זיי געדיינקען. זיי וועלן זיצן עטלאַכע יאָר, וועט זיי אַרויס דער משוגעת, און אפשר וועלן זיי טאַקע בעסער ארבעטן, ווען זיי וועלן זיך אַפּרוען. (אַלע צע־לאַכן זיך).

מיסטער קונקל (ווייזט־אָן אויף מונקל): — אויב קונקל וויל, וועלן זיי שוין האָבן צו געדיינקען. אַ גוטן! (גיט די האַנט).

מיסטער מונקל: — נו, גודביי, צום ווידערזען!

מיסטער קונקל: — יע, מיר וועלן נאָך שפּעטער זיין ביי אייך.

שטיינמאַן: — פאַרגעסט זיך ניט אריינצוכאַפּן און איבערגעבן די לעצטע נייעס. גודביי, אַ גוטן! (קונקל און מונקל גייען אַרויס. שטיינמאַן בלייבט שטיין אַ ווײלע פאַרטראַכט.) נו, גיי מאַך אָרדערס מיט טרייסט־ווערטער, מיט גוטע האָפענונגען, מיט געדולד, אַז אפילו פאַר זיי קאָן איך ניט איבערגעבן מיין לאַגע.

(פון גאַס דערהערן זיך געשרייען: „סקעבס! בו! בו! הו! פאַררעטער! סקעבס!״ עס הערט זיך שטילער געזאַנג פון קאַמף־מעלאָדיעס).

שטיינמאַן (כאַפּט אַ בוך אין האַנט): — נו, זיי האָבן שוין ווידער אַריינגעכאַפּט.

(עס דערהערן זיך געשרייען פון געשלעגן. ער וואַרפט דעם בוך און לויפט־צו צום פענצטער, הויבט־אָן צו מאַכן מיט די הענט, ווי ער אַליין וואָלט זיך געשלאָגן, ווערט באַגייסטערט, ווי די פּאָליציי וואַרפט זיך מיט די קלאָבן און מאַכט זיי נאָך. עס קלינגט אַ גלעקל פון אַ פּאַטרול־וואָגן. שטיינמאַן גייט־צו אַ צופרידענער צוריק צום בוך.)

שטיינמאַן: — אַט־אַזוי, אַריינגעכאַפּט! זיי וועלן שוין אַ צענטן פאַרזאָגן! (עס דערהערט זיך ווידער געזאַנג: „אָן דהי ליין״. שטיינמאַן פאַרשטעלט זיך די אויערן, גיט אַ קלאַפּ מיטן בוך אין טיש.) אויב אַזוי וועט זיין נאָך אַ וואָך, וועל איך משוגע ווערן. איך וועל רואינירט ווערן. (כאַפּט זיך צוריק.) ניין, זיי וועלן ביי מיר ניט אויספירן! איך מוז זיי געבן אַ לעסאָן! ניין! אוי, מיין קאָפּ! (כאַפּט אַרויס דאָס קעסטעלע מיט פּילן, לויפט־צו, גיסט־אָן אַ גלאָז וואַסער און שלינגט אַרונטער אַ פּיל, האַלט זיך אַ ווײַלע פאַרן קאָפּ און פאַלט אַוועק אויפן קאַנאַפּע צוזאַמענגעקרעמפּט.) אוי, זיי וועלן פאַלן צו מיינע פיס! אוי, זיי וועלן נאָך קומען זיך בעטן ביי מיר! אוי, מיין קאָפּ! (וואַרגט זיך אומרואיג. מאַסן שרייען אין גאַס: „סקעב! פאַררעטער! בו! בו! בו!״ ביי יעדן געשריי גיט שטיינמאַן אַ ציטער. ער שלאָפט־איין און רעדט פון שלאָף.) זיי וועלן קומען זיך בעטן, זיי וועלן — — איך דאַרף זיי אָבער ניט. מיין שאַפּ אַרבעט. די מאַשינען גייען, גיכער! גיכער! גיכער! (עס צעעפענען זיך די טירן פון פאַבריק. עס באַווייזט זיך דער מאַשינען־טאַנץ. שטיינמאַן וואַרפט זיך פון פרייד.) גיכער! גיכער! כאַ־כאַ־כאַ! גיכער! גיכער! דריי, דריי, דריי! גיכער! גיכער! אַלע מאַשינען! גיכער! גיכער! (טירן פאַרמאַכן זיך. מאַשינען־טאַנץ פאַרשווינדט. ערשטער אַרבעטער קומט אַריין. קריכט דערשלאָגן דורך דער טיר פון גאַס).

ערשטער אַרבעטער: — האָט רחמנות, מיינע קינדער שטאַרבן פון הונגער! נעמט מיך צוריק צו דער אַרבעט. איך וועל אַרבעטן פאַר צוואַנציג דאָלער אַ וואָך.

שטיינמאַן (וואַרפט זיך פון שלאָף) : — אַרויס פון דאַנען ! איך דאַרף דיך ניט ! איך האָב גענוג „הענט״ !

(די טירן פון פאַבריק צעעפענען זיך. מאַשינען־טאַנץ אַרבעט. מאַשינען רויש. ערשטער אַרבעטער גייט אַרויס מיט דערשלאָגענע טריט. מאַשינען־טאַנץ פאַרשווינדט. צווייטער אַרבעטער קומט אַריין.)

צווייטער אַרבעטער : — מיסטער שטיינמאַן, ראַטעוועט מיך ! נעמט מיך צוריק צו דער אַרבעט. איך קאָן שוין מער ניט ליידן. אויב איר גיט מיר ניט קיין אַרבעט, מאַך איך אַ סוף צו מיין לעבן. איך בין הונגעריג. איך וועל אַרבעטן פאַר פופצן דאָלער אַ וואָך.

שטיינמאַן (לאַכט פון שלאָף) : — אַרויס פון דאַנען. מיין שאַפּ אַרבעט. (עס עפענען זיך די טירן. ס'באַוויזט זיך דער מאַשינען־טאַנץ.) ניטאָ קיין אַרבעט פאַר אייך. גייט־אויס פון הונגער ! איך דאַרף ניט מער קיין „הענט״. דער שאַפּ גייט. די מאַשינען אַרבעטן. (מאַשינען־טאַנץ פאַרשווינדט. צווייטער אַרבעטער גייט אַוועק גע־בויגן. דריטער אַרבעטער קומט אַריין).

דריטער אַרבעטער : — באָס, טייערער באָס, ראַטעוועט ! איר זענט דאָך אַלעמאָל געווען אונזער באַשיצער. האָט רחמנות ! מיין ווייב איז קראַנק. די קינדער הונגערן. אין הויז איז קאַלט. (שטיינמאַן לאַכט פון שלאָף און וואַרפט זיך פון פרייד.) נעמט מיך צוריק צו דער אַרבעט. איך וועל אַרבעטן פאַר צוועלף דאָלער אַ וואָך. איר ווילט מער שטונדן ? גוט ! איך וועל אַרבעטן פיר און זעכציג שעה אַ וואָך, אַבי נעמט מיך צוריק צו דער אַרבעט.

שטיינמאַן : — דזשאַבס ? ניטאָ מער ! אַלע מאַשינען אַר־בעטן. (מאַשינען־טאַנץ באַוויזט זיך.) אַרויס פון דאַנען ! איך האָב גענוג „הענט״. גענוג ! מיינע מאַשינען אַרבעטן !

(מאַשינען־טאַנץ פאַרשווינדט. דריטער אַרבעטער פאַרברעכט זיינע הענט איבערן קאָפּ, גייט אַרויס. פערטער אַרבעטער קומט אַריין).

פערטער אַרבעטער : — ברויט ! ברויט ! איך בין הונגעריג ! עסן ! עסן ! אַרבעט, אַרבעט ! איך וועל אַרבעטן פאַר צען דאָלער אַ וואָך. איך וועל אַרבעטן וויפיל שעה איר ווילט. איך וועל שלאָפן אין שאַפּ. ברויט ! איך וועל מער ניט באַלאַנגען צו קיין יוניאָן.

שטיינמאַן (גלעט זיך זיין בויך) : — אַרויס ! איך דאַרף אייך ניט ! (מאַשינען־טאַנץ באַוויזט זיך.) אַרויס ! שטאַרבט־אויס פון

הונגער! איך דאַרף אייך ניט! די מאַשינען דרייען זיך. גיכער! גיכער! אַרויס פון דאַנען! אַרויס!

(מאַשינען־טאַנץ פאַרשווינדט. פרוי און קינד קומען אַריין. פער־טער אַרבעטער בייסט זיך די פינגער און גייט אַרויס).

פרוי: — גוטער מענטש, העלף אונז. גיב צוריק מיין מאַן דעם רזשאַב. איך בין גרייט צו זיין אַ שקלאַף פאַר דיר. איך וועל אַרבעטן פאַר דיר. מיין קינד וועט אַרבעטן. מיר אַלע וועלן אַרבעטן. נעם מיין מאַן צוריק צו דער אַרבעט. מיר הונגערן. מיר ליידן. (פרוי און קינד שטרעקן־אויס די הענט.) דערבאַרעם זיך. מיר גייען־אויס פאַר אַ שטיקל ברויט.

קינד: — איך וועל אויך אַרבעטן. איך בין הונגעריג. איך מיט מיין מאַמען מיט מיין טאַטן — מיר אַלע וועלן אַרבעטן. בלויז פאַר ברויט, ברויט!

שטיינמאַן: — דו ביסט נאָך יונג, אַ שיין ווייבל. (שטרעקט־אויס די הענט, ווי איר אַרומצונעמען, דריקט זי צו זיך.) נעם מיך אַרום. שטאַרקער, פעסטער! (ווערט בייז.) אַרויס פון דאַנען! איך דאַרף ניט קיין „הענט". (מאַשינען־טאַנץ באַווייזט זיך.) אַרויס! איך האָב אַלע „הענט". גענוג „הענט"! (די מאַמע מיטן קינד גייען אַרויס כליפּענדיג. מאַשינען־טאַנץ פאַרשווינדט. שטיינמאַן קוועלט הויך אויפן קול. טעלעפאָן פאַנגט־אָן שטאַרק צו קלינגען. שטיינמאַן כאַפּט זיך אויף ווי צעמישט. ווישט זיך דעם שווייס פון פּנים. טעלעפאָן קלינגט. ער זיצט צעטומלט און ווייסט ניט וואָס צו טאָן. קוקט אויף אַלע זייטן).

שטיינמאַן: — אַ, וואָס פאַר אַ שיינער חלום דאָס איז געווען! (קוקט זיך אַרום, לויפט צום טעלעפאָן, זיך האַלטנדיג פאַרן קאָפּ.) אַ חלום, אַ חלום! (נעמט דעם טעלעפאָן אין האַנט. מאָסן־געזאַנג הערט זיך אין גאַס. ער מאַכט מיט דער האַנט צום פענצטער, ווי ער וואָלט זיי געהייסן, אַז זיי זאָלן אויפהערן זינגען). יע, שטיינמאַן, עי־גרייד קאָמפּאַני". צען טויזנט אָרדערס. סטרייק? ניין, ניטאָ, אויס! מ'אַר־בעט! יע, זיכער! דעם 22טן. יע, געווים. גודביי! (עס קלינגט די „בעל" פון טיר. ער עפנט מיט אַ דריק אַ קנעפּל אין דעסק. די טיר עפנט זיך. טעלעגראַם־טרעגער קומט אַריין, דערלאַנגט אַ טעלעגראַם און פאַרלאָזט דעם אָפיס. שטיינמאַן עפנט מיט ציטערנדיגע הענט.

נעמט לייענען אין איילעניש. פאַלט אַריין אין שטול.) צוויי טעג נאָ־טים. (קוקט נאָכאַמאָל אַריין אין דער טעלעגראַם.) צוויי טעג. איך פאַרליר דעם אָרדער. האָב איך אַ זיג, אָדער ניט מער קיין שאָפּ. גענוג! נו, גענוג! (לויפט אַרויס פון טיר, דריקט די „בעל" פון עלעווייטאָר. קומט אַריין צוריק. לויפט אַרום ווי צעמישט. עלעווייטאָר־מאַן שטעלט זיך פון אויסנווייניג לעבן דעם אָפענעם קליינעם פענצטערל.) הער נאָר, זאָג אימיצן פון די סטרייקער, אַז איך וויל זען אַ קאָמיטע אין מיין אָפיס. (עלעווייטאָר־מאַן פאַרשווינדט. טעלעפאָן קלינגט. שטיינ־מאַן לויפט־צו). יעס, שטיינמאַן. קאָונסלען. קאָונסלט! רואינירט מיך אינגאַנצן! נאָך אַ וואָך? איר טרייבט מיך דאָך צו זיי אין די הענט אַריין. מענטש! גזלן! וואָס בלייבט מיר צו טאָן? (הייננגט־אויף מיט כעס דאָס טרייבל פון טעלעפאָן. „בעל" קלינגט. שטיינמאַן ענטפערט. די טיר עפנט זיך. מיסטער קונקל און מונקל קומען אַריין פרייליך. ביידע שטעלן־אָן די הענט אויף הינטן צו קריגן געלט).

מיסטער קונקל: — שוין!

מיסטער מונקל: — געמאַכט דעם דזשאָב!

שטיינמאַן: — וואָס רעדט איר איצטער וועגן געלט? זאָגט מיר בעסער וואָס ס'איז געשען.

מיסטער מונקל (כאַפּט אַרויס אַ פּאַפּירל פון זיין קעשענע): — פאַרלאָזט זיך אויף קונקל מונקל. אָט איז דאָס! (נעמט לייענען.) מאָרים קאָן — זעקס מאָנאַטן; היימאַן פּאַסטערנאַק — זעקס מאָ־נאַטן; ווילי סטאַר — דריי מאָנאַטן; הערי ווייזמאַן — זעקס מאָ־נאַטן; הערי פלאָם — צוועלף מאָנאַטן; אייבי —

שטיינמאַן (כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ): — אָט־דאָס איז ער! נעוואַלד! איר האָט דאָך מיך שוין אינגאַנצן רואינירט! דאָס איז דאָך מיין בעסטער פריינט, מיין בעסטער אַרבעטער. דעם קאַליקע האָט איר געגעבן דריי מאָנאַטן, און הערשלען — אַ יאָר?!

מיסטער קונקל: — נו, שאַ! וואָס ערגערט איר זיך אַזוי? פּונקט ווי מיר קאָנען אַריינזעצן, אַזוי קאָנען מיר אַרויסנעמען. פאַר־לאָזט זיך אויף אונז.

(עם דערהערן זיך „בראַוואָ"־געשרייען פון גאַס. מ'זינגט „האָלד

דהי פּאַרט״. שטיינמאַן כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ. קונקל און מונקל קוקן זיך איבער).

**שטיינמאַן**: — שלעכט! שלעכט! שלעכט! שלעכט! אַלץ גייט מיט דער פוטער אַראָפּ. עס טוט מיר לייד, אָבער — — (עס קלינגט די „בעל״. ער לויפט־צו צום דעסק. דריקט דאָס קנעפּל. די טיר עפנט זיך. הערי ווייזמאַן קומט אַריין מיט אַ קאָמיטע פון דריי. שטיינמאַן און קונקל און מונקל ווילן זיך אַנקוקן, און גנב׳ענען אַוועק אויף גיך די אויגן. קונקל און מונקל גיבן אַ דריי־אויס די „דוירבים״ אויף אַ זייט און מעסטן־אָפּ די סטרייק־קאָמיטע פון קאָפּ ביז די פיס. שטיינמאַן לויפט־צו צו די ביכער. בלייבט שטיין פאַרטראַכט לעבן דעסק).

**מיסטער קונקל** (זיך ווענדנדיג צו הערי ווייזמאַן): — מיר דאַכט זיך, אַז איר זענט געווען היינט אין קאָורט און געקראַגן זעקס מאַנאַטן. טאַ ווי קומט איר אַהער?

**הערי ווייזמאַן** (מיט שפּאָס): — דורכן שליסל־לאָך. (מונקל כאַפּט אַרויס אַ בלייפעדער און פאַרשרייבט.) איר מיינט, אַז אַזעלכע „לאַבי־גאַים״ ווי איר האָט שוין דעם כוח אויף שטענדיג צו פאַרשיקן, צו מערדערן דעם אַרבעטער, ווען ער קעמפט פאַר אַ גרעסער שטיקל ברויט? דער דרוק פון אונזערע אַרבעטער־מאַסן דורך דער „אינטערנעשאָנאַל לייבאָר דעפענס״ צעשמעטערט אייערע פריים־אַפּס און עפנט פאַר אונז ניט נאָר די טירן פון די פריזאָנס, נאָר אויך אפילו די טירן פון די פאַבריקן. (ער גיט אַ מאַך מיט דער האַנט.) נאָר מיט ווענען רעד איך דאָ? (ווענדט זיך צו שטיינמאַנ׳ען.) מיסטער שטיינמאַן, וואָס האָט איר מיך גערופן און וואָס האָט איר מיר צו זאָגן?

**שטיינמאַן** (צעטומלט): — איך האָב געוואָלט וויסן: דיינקט איר אָנצוהאַלטן דעם סטרייק, אָדער קומען צו דער אַרבעט? איך האָב אַן אָרדער, אַן אָרדער, וואָס איר וועט קאָנען אַרבעטן טאָג און נאַכט. נאָר אַ רעדאַקשאָן מוז זיין. איר פאַרשטייט: פאַר אייער בענעפיט, פאַר אייער בענעפיט.

**הערי ווייזמאַן** (קוקט אים אָן מיט שפּאָט). — אין חלום וועט איר קריגן אַ רעדאַקשאָן!

(שטיינמאַן דערמאָנט זיך אין חלום, גיט א ציטער.)

קונקל און מונקל (מיט א ביטערן געלעכטער): — זיי וועלן געבן. זיי וועלן בעסער ווערן. עס וועט זיי א קיצל טאָן אַט־אַ־דאַ־א (ווייזן אויפן בויך).

הערי ווייזמאַן (איגנאָרירט זיי): אויף דעם האָט איר מיך ניט געדאַרפט רופן. אונזער באַשלוס פאַר אייך איז קלאָר. און פאַר דער טובה, וואָס איר ווילט אונז געבן אַרבעט טאָג און נאַכט, — א שיינעם דאַנק אייך! מיר ווילן ניט אַרבעטן טאָג און נאַכט. מיר ווילן אַר־בעטן ווי מענטשן! און אויב עס איז פאַראַן א סך אַרבעט, זיינען אָבער פאַראַן א סך פאַראַזיטן, (גיט א קוק אויף קונקל און מונקל.) וואָס גייען אַרום ליידיג און לעבן פון יענעמ'ס פראַצע. זיינען זיי אויך ניט קראַנק צו גיין אַרבעטן. איז דאָס אַלץ, וואָס איר האָט אונז געוואָלט זאָגן? (קלייבט זיך אַרויסצוגיין).

שטיינמאַן (פאַרלאָרן, צעטומלט): — הערט. (ווייסט ניט וואָס צו זאָגן.) הערט נאָר: איר האָט געאַרבעט פאַר מיר אַזויפיל יאָרן.

מיסטער קונקל: —זיי וועלן נאָך ווייטער קומען אַרבעטן.

מיסטער מונקל: — וואָס דען, זיי וועלן בעסער ווערן.

הערי ווייזמאַן: — איז וואָס ווילט איר זאָגן, מיסטער שטיינ־מאַן?

שטיינמאַן: — זאָל נעמען א סוף! (קוקט זיך איבער מיט קונקל און מונקל. צעשרייט זיך מיט א ווילד היסטעריש קול.) איך דאַרף „הענט״! „הענט״! אַלץ איז רואינירט! (פאַלט אַריין אין שטול).

הערי ווייזמאַן: — איר האָט געקראָגן א לעסאָן — באַצאָלט אייער פרייז. (טייטלט מיטן פינגער אויף קונקל און מונקל,) זיי האָבן גיינגסטערס. זיי האָבן פאָליציי. זיי האָבן די באַלעבאַטישע פרעסע, זיי האָבן „הענט״ צו מערדערן אונז, צו שפאַלטן אונז די קעפ און דערנאָך אונז אַרעסטירן, אפילו אָנגעגרייטע פריזאָן־טערמינען פאַר אונז האָבן זיי —אָבער „הענט״ צו שאַפן, הענט פאַרמאַזאָליעטע, וואָס קאָנען פראַצעווען, הענט, וואָס קאָנען בויען, און טאָקע הענט, וואָס קאָנען זיך ביילן אין פויסטן און קעמפן קעגן אונזערע שונאים — דאָס האָבן מ י ר, ד י א ר ב ע ט ע ר ! ווען איר וועט פאַרטיג זיין, — רופט אונז! (די אַרבעטער־קאָמיטע לאָזט זיך צום טיר.

קונקל און מונקל פּאַכען זיך מיט די „דוירבים". שטיינמאַן כאַפּט אַרויס דאַס באַקסעלע מיט פּילן. לאָזט זיך גיין צו די וואַסער. ווען דער פאָרהאַנג הויבט זיך אָן אַרונטערלאָזן, דערהערט זיך דאַס געזאַנג פון די מאַסן) :

סטרייק ! סטרייק ! סטרייק ! צום קאַמף מיט נייעם מוט !
סטרייק ! סטרייק ! סטרייק ! ביז לעצטן טראָפּן בלוט !

(פאָרהאַנג פאַלט)

עס באַטייליגן זיך:

אַ גלח, אַ רב, אַ שמש, אַ פּאָפּ, אַ פּאָליטישן, אַ קאַפּיטאַליסט, אַ פּראָסטיטוטקע, פערד, חזירים, אָקסן, אייזלען, קעז, מייז, הינט, לייז און אַנדערע באַשעפענישן.

אין הינטערגרונט זעען זיך ריזיגע פאבריקן, וואוינונגען, קראמען, קלויסטערס מיט איבערגעבראכענע צלמים.

אינמיטן פון דער בינע ליגט א גרויסער שטיין, ארום־און־ארום באוואקסן מיט גראז. אויפן גראז ליגן אנגעווארפן צעבראכענע צווייגן און קלענערע שטיינער.

דער פארהאנג הויבט זיך לאנגזאם און עס דערהערט זיך סירענעס פייפן, דער געקלאפ אין קאוואדלעס, דאס זעגן אין האלץ, די הוזשעריי פון עראפלאנען, דער גערויש פון טראקטארס פארן, דאס קלאפן פון מאשינען. פונקען שפריצן, און פון־צייט־צו־צייט דערזעט זיך אין די פאבריקן א באלויכטענער סערפ־און־האמער.

---

**פאפ** (שפאצירט, האלטנדיג פארבראכן די הענט): — זיי בויען!! (זעצט זיך אויף אן אפגעבראכענעם צווייג און קוקט אין דער ריכטונג פון די פאבריקן).

**רב** (קומט אריין מיטן שמש, גלעט זיך די בארד, הערט זיך צו א ווײלע צו דעם קלאפן): — זיי ברעכן! (זעצט זיך אויף א שטיין. שמש לעבן אים).

**פאלישן און קאפיטאליסט**: (קייקלען זיך אריין מיט די גראבע בייכער, פירנדיג פאר א ציימל א פערד, שטעלן זיך אפ א ווײלע און ווייזן־אן מיטן פינגער): — זיי קערן איבער די וועלט. (בינדן־צו דעם פערד צו א בוים און זעצן זיך אוועק אויף שטיינער).

**גלח** (מיט לאנגזאמע טריט, קראצט זיך אין פאטעלניצע): — מיר זיינען פארלארן!

**אלע**: — מיר זיינען פארלארן! (מאכן פלאץ פארן גלח. ער זעצט זיך אוועק).

(דער גערויש ווערט שטילער. עס הערט זיך בלויז דאס קלאפן פון די מאשינען).

**פאפ** (ווייזט־אן מיט די הענט אויף די פאבריקן): — ווער וואלט דאס געגלויבט? אין שקאלעס ניט געגאנגען, אין גימנאזיע ניט געלערנט, בלויז געווען ארבעטער, פויערים, און איצט? (ריזיגער סירענען־פייף.) זיי בויען!

אלע: — זיי בויען!
רב: — זיי ברעכן!
אלע: — זיי ברעכן!
פּאָליטישן און קאַפּיטאַליסט: — זיי קערן איבער די וועלט!
אלע: — זיי קערן איבער די וועלט!
גלח: — מיר זיינען פאַרלאָרן!
קאַפּיטאַליסט (שפּרינגט־אויף): — אָבער דאָס ארומגיין פאַר־צווייפלט וועט אונז גאָרניט בעסער מאַכן. פאַרוואָס ניט טראַכטן וועגן עפּעס צו טאָן?
פערד (גיט א הירזשע): — אפשר גאָט בעטן?
שמש (שאָקלט־צו מיטן קאָפּ): — גאָט בעטן!
פּאָפּ, גלח, רב (אַלע צוזאַמען): — שוין געבעטן!
פּאָפּ: — מיר זיינען אויף די קני געשטאַנען, טרערן פאַרגאָסן, דער הייליגער מאַריע געקושט פון אַלע זייטן.
רב: — מיר האָבן שוין תעניתים געפאַסט, צדקה געגעבן, „על־חטא" זיך געקלאַפּט.
גלח (צלמ'ט זיך): — מיר האָבן זיך גע'צלמ'ט אין דער לייגג און אין דער ברייט, אפילו מתנות שוין גאָט געבראַכט.
פערד (הירזשעט און וויינט).
פּאָליטישן (שטעלט זיך אַוועק ווי צו האַלטן א רעדע): — פריינט, איך האָב אַן עצה, וואָס וועט אונז ראַטעווען. (גיט א וואונק צום קאַפּיטאַליסט און זאָגט אים שטיל אויפן אויער.) זאָג אונזערע נאָכפאָלגער, זיי זאָלן ארויס, זיי דאַרפן ניט הערן וועגן אַלע אונזערע פּלענער.
קאַפּיטאַליסט (צום שמש): — נעמט דאָס פערדעלע און גייט, וועט איר קריגן פון אַלעם גוטן צום עסן.
פערד (הירזשעט און פאַרנויגט זיך): — א דאַנק, א דאַנק.
(שמש נעמט אים פאַרן צוימל און ביידע גייען ארויס).
פּאָליטישן: — ברידערלעך, מיר האָבן איין ברירה ווי פּטור צו ווערן פון די קאָמוניסטן: אינטערווענציע.
רב (שטעלט־אָן דעם אויער): — א, וואָס איז דאָס?
פּאָליטישן: — פאַרלאָזט זיך שוין אויף אונז! מיר ווייסן שוין וואָס דאָס איז. יע, אינטערווענציע. ניט לאָזן זיי אָנגיין מיט

דעם פינף־יאָריגן פּלאַן. ווייל קאָמוניסטן רעדן ניט גלאַט אין דער וועלט אריין. זיי רעדן און טוען.

(עס דערהערט זיך שטאַרקער דער געקלאַפּ פון די מאַשינען. סירענען הויבן־אָן פייפן).

אַלע (פאַרשטעלן זיך די אויערן): — געוואַלד, די „פּיאַטי־לעטקע" ! דאָס ברעכן זיי און בויען !

פּאָליטישן: — יע, די באָלשעוויקעס האָבן זיך גענומען צו טאָן מעשים: זיי בויען ריזיגע קאָאָפּעראַטיוון און שאַפן־אָפּ דעם פּריוואַטן פּעשעפט. זיי וואַרצלען־אויס פּראָסטיטוציע. זיי פאַרניכטן די כלי־קודש. זיי דערשטיקן דעם קולאַק. זיי פירן אריין אָטאָמאָבילן און פּטר'ן אַרויס דעם פערד־און־וואָגן. זיי האָבן אָפּגעשאַפט דעם אָקס און די סאָכע און אַריינגעפירט דעם טראַקטאָר. זיי האָבן אויפגעבויט מאָדערנע הייזער מיט אַ געזונטן פונדאַמענט, מיט מאָדערנע איינריכטונגען. זיי בויען לופט־שיפן. זיי האָבן אַוועקגענומען די מאַיאָנטקעס פון די פּריצים. זיי פאַרניכטן רעליגיע — אונזער גאָט.

אַלע: — אונזער גאָט.

פּאָליטישן: — פאַר מיר, פאַר אייך, פאַר דעם קאַפּיטאַליסט איז ניטאָ מער קיין אָרט ביי די קאָמוניסטן. (אַלע פאַרברעכן מיט די הענט.) איין מיטל האָבן מיר נאָר, אויב מיר ווילן ניט אָפּגעווישט ווערן פון איבער דער גאַנצער וועלט: מ ל ח מ ה !

אַלע: — מ ל ח מ ה !

קאַפּיטאַליסט: — יע, מלחמה. מיר האָבן אָבער ניט מיט וועמען די מלחמה צו פירן. אונזערע כוחות אין סאָוועטן־לאַנד זיינען צעשמעטערט. די באָלשעוויקעס האָבן אונזערע רייען דעמאָראַליזירט. מיר האָבן זיך ניט צו וועמען צו ווענדן. מיר האָבן איצט ניט קיין גאָט און ניט קיין לאַנד.

פּאָליטישן: — קיין לאַנד? מיר וועלן זיך ווענדן צו די מאַכט־האָבער און גוט־באַזיצער פון אַמעריקע, ענגלאַנד, פראַנקרייך, דייטשלאַנד און אַלע אַנדערע, וועמען עס דערוואַרט אונזער סוף. זיי וועלן אונז העלפן. זיי מ ו ז ן אונז העלפן. די סאָציאַל־דעמאָקראַטן פון אַלע לענדער וועלן אויך טאָן זייער חלק... און וועגן גאָט — ניט געזאָרגט. דו זיי דער גאָט, און אין דיין נאָמען וועלן מיר צוזאַמענרופן אַלע געקריוודעטע, באַליידיגטע און אונטערדריקטע. מיר'ן פאַראייניגן אַלץ און אַלעמען. אפילו די בהמות און חיות וועלן מיר אויפרייצן

קענען זיי, און דו וועסט זיי באַפעלן וואָס צו טאָן, ווי צו באַפרייען זיך פון די באָלשעוויקעס מיט זייער „פּיאַטילעטקע״. גיי, טו זיך אָן ווי אַ מענטש, איך מיין ווי אַ גאָט, און גיב באַפעלן, און איר (ווענדט זיך צום רב, גלח און פּאָפּ.) קומט מיט מיר. מיר וועלן זיך פאַרטראַכטן ווי צוזאַמענצוברייננגען אונזערע פריינט, די דערשלאָגענע און באַליידיגטע, און באַווייזן זיי, אַז זייער האָפענונג ליגט נאָר אין דעם, ווען זיי וועלן הערן גאָט׳ס וואָרט.

אַלע (גיבן אַ קרעכץ, הויבן־אויף די הענט צום הימל. גייען אָפּ לאַנגזאַם).

(עס ווערט אַ שטאַרקער געקלאַפּ פון די האַמערן. מאַשינען רוישן. סירענעס פּייפן. עס הערט זיך געזאַנג פון די פאַבריקן: „אויף פינף אַקעאַנען זאָל וויען און פלאַמען די פאָן פון סאָוועטישן פלאַט״. עס קומען אַריין בהמות, חיות, דערהערן דאָס זינגען. דרייען זיך אַרום שטיין, ציטערן און לויפן אַרויס. די פּראָסטיטוטקע און דער שמש טאַנצן־אויס אַ טאַנץ פון שרעק און לויפן אַרויס).

קאַפּיטאַליסט (קומט אַריין געקליידט ווי מאַרס מיט אַן אויפשריפט אויפן האַרצן: „איך בין גאָט!״ שטעלט פעסטע טריט, רעדנדיג ווי צו זיך אַליין): — איך בין גאָט! (קריכט אַרויף אויפן שטיין און זעצט זיך אַוועק. יעדעס מאָל, ווען עס דערהערט זיך אַ סירענען־פייף, גיט ער אַ ציטער).

(דאָס קלאַפּן אין די פאַבריקן ווערט שטילער. עס דערהערט זיך דאָס קלאַפּן אין אַ פּויק, דאָס בלאָזן פון אַ שופר, דאָס קלינגען פון אַ גלאָק, באַגלייט מיט ריטשערייען פון חיות, בהמות און שרצים. עס קומען אַריין: דער פּאָפּ, האַלטנדיג אַ גלאָק אויפגעהאָנגען אויף אַ שטעקן, און דער גלח מיט דער פּראָסטיטוטקע גייען אים נאָך און ציען דעם גלאָק. דער רב מיט אַ שופר אין האַנט. דער שמש פאָלגט אים נאָך. דער פּאָליטישן מיט אַ פּויק, אויף וועלכן עס איז אָנגעשריבן: „באָלעבאַטישע פּרעסע״ — הינטער אים. פערד, אייזלען, חזירים, אָקסן און אַנדערע חיות גייען נאָך און ריטשען מיט ווילדע קולות).

פּאָליטישן (טוט־אויס דעם פּויק, רופט צוזאַמען דעם רב, פּאָפּ און גלח. אַלע צוזאַמען פאַרנויגן זיך פאַר גאָט): — הער, גאָט! מיר זיינען געקומען צו דיר ווי אַ קאָמיטע, אין נאָמען פון דיינע פעלקער. דו ביסט דער גאָט פון אַלע געטער. טאָ זיי ווייסן, אַז די קאַ־

מוניסטן האָבן רואינירט אונזערע געשעפטן און ווילן איגנאָנצן איבער־קערן די וועלט, צעשטערן דאָס לעבן פון פאָלק.

**פאָפּ**: — גרויסער האַר, מיר האָבן דיר אַלעמאָל טריי געדינט. איצט ליגט דער שיקזאַל אונזערער אין דיינע הענט.

**רב**: — זע, גרויסער גאָט, ווי דיינע אונטערטאַנען (ווייזט אויף די בהמות און חיות) ליגן פאַר דיינע פיס. זיי זיינען גרייט דורכ־צופירן דיינע באַפעלן. העלף זיי! באַשיץ זיי!

**גלח**: — זאָג זיי נאָר וואָס צו טאָן — און אַלע זיינען גרייט!

**אַלע בהמות און חיות** (קוויטשען און ריטשען): — אַלע! אַלע!

**גאָט** (שטעלט זיך אוועק): — קינדערלאַך, שוואַרצע און געלע, זייט ווייסן: סאָוועטן־לאַנד איז אַ זינדיג לאַנד.

**אַלע**: — אַ זינדיג לאַנד!

**גאָט**: — און לעבן אין אַ זינדיג לאַנד איז ערגער ווי אין גיהנום. דערפאַר מוזן מיר איינמאָל פאַר אַלעמאָל דערקלערן קריג די זינדיגע מענטשן, און דאַן וועלן מיר אַלע זיכער זיין צו רוען אין גן־עדן.

(רב, גלח, פּאָפּ און פּאָליטישן פאַרנויגן זיך. גאָט זעצט זיך אַוועק).

**פּאָליטישן**: — הער גאָט! וועט דיר ליב זיין אויסצוהערן דעם פאַרלאַנג פון דיינע דינער?

**גאָט**: — געוויס! (הויבט־אויף זיינע הענט און בענטשט זיי.) זאָל געבענטשט זיין די שטים פון מיין פאָלק, די דינער, וואָס ווייסן ווי צו דינען זייער גאָט.

**שמש** (נעבעכדיג): — הארציגער גאָט פון אויבן און אונטן! הער זיך צו צו מיינע צרות. איך בין שוין אַ שמש פון כמה ימים ושנים, זיינען געקומען די באָלשעוויקעס, ימח שמם, און מ'האָט פון אונזער שול געמאַכט אַ קלוב, און איך, ווי דו זעסט מיך אַ לעבעדיגן, בין געבליבן אָן אַ שטעלע. אויס שמש און אויס שול, וויי איז מיר!

**גאָט** (קראַצט זיך אונטער דער פּאַכווע): — שמשים, ווערט דערווייל נעפּליים און פאַרקויפט וואָס עס לאָזט זיך, און ווייטער פאַרלאָזט זיך אויף גאָט.

**פּראָסטיטוטקע** (טאַנצט־צו): — געליבטער גאָט פון אַלע

פּראָסטיטוטקעס! דו ביסט אַלעמאָל געווען אונזער שפּייזער, טאַ פאַרלאָז אונז אויך איצט ניט. אַמאָל, אין צאַרן־לאַנד, האָבן מיר זיך אָנגעזען... געווען אין קעניגלעכן הויף... אין שאַמפּאַניער זיך געבאָדן. איצט, איצט קוקט מען אויף אונז מיט עקל. וואו מיר באַווייזן זיך, זאָגט מען אונז: „דער, וואָס ארבעט ניט, דאַרף ניט עסן". (פאַרנויגט זיך).

גאָט: — דו ווער אַ טענצערן און טאַנץ אויף אַלע אומפּאַרטייאישע חתונות. נאָר וואַרף אָן אויגל וואו מ'דאַרף און פאַרפיר וועמען עס באַצאָלט זיך.

אַלע: — בראַוואָ, בראַוואָ!

(פּראָסטיטוטקע טאַנצט אַוועק).

חזיר (גיט אַ שפּרינג פאָרויס. אַלע נאָך אים צעשטעלן זיך אין ריי): — אַלמעכטיגער גאָט (גיט אַ ריטשעו) פון אַלע חזירים! וואָס טוט מען, וואָס? אונז, חזירים, איז אַלעמאָל אַזוי גוט געווען אין רוסלאַנד. מיר האָבן געלעבט אַ חזיר'שן טאָג. וואו מיר זיינען געגאַנגען, איז געווען פאַר אונז פריי. איצט האָבן די קאָמוניסטן אויפגעבויט מאָדערנע הייזער, און מיר האָבן ניט וואו אַ שנוק אַריינצורוקן...

גאָט: — חזירים, האָט שכל! ווערט פירער אין די סאָציאַל־פּאַשיסטישע יוניאָנס, און וואו נאָר איר קאָנט אַריינרוקן אייער שנוק, רוקט אַריין, און זאָלן די קאָמוניסטן וויסן... (אַלע פּאַטשן בראַוואָ).

פערד (הירזשעט): — גאָט פון אַלע פערד! ווי דו קוקסט אונז אָן, זיינען מיר אַלעמאָל געשטאַנען אין וואָגן און געפירט די גרעסטע מענטשן... און היינט — וויי איז אונזער פערדישער וועלט! זינט די קאָמוניסטן האָבן זיך גענומען צו דעם פינף־יאָר פּלאַן, האָבן מיר מער קיין ווערט ניט. קיינער רעכנט זיך ניט מיט אַ פערד. די רעדער דרייען זיך אַליין, אָן אונז. פערד האָט מען אין דרערד...

גאָט (גיט זיך אַ וויש די אויגן): — פערד, ווערט שרייבער אין די געלע און שוואַרצע צייטונגען און הירזשעט אויף די קאָמונסיטן ווי פערד קאָנען. (אַלע פּאַטשן בראַוואָ).

אָקס: — ליבער גאָט פון אַלע אָקסן! ווי דו קוקסט מיך אָן, בין איך אַלעמאָל געגאַנגען, ווי עס דאַרף גיין אַן אָקס אין דער סאָכע. זיינען געקומען די באָלשעוויקעס מיט זייער פינף־יאָר פּלאַן און

האָבן אוועקגעשטעלט טראַקטאָרס אויף מיין אָרט. און איך, אָקס, האָב קיין אָרט ניט מער... ניטאָ מער פאַר מיר קיין אַרבעט.

גאָט (בייז): — אָקסן! ווערט קאָרעספּאָנדענטן פאַר אַלע באַלע־באַטישע צייטונגען, און איר וועט דורך דעם נאָך מער פאַרגרעסערן אייער אָקסן־משפּחה איבער דער גאַנצער וועלט... און די קאָמוניסטן וועלן וויסן, אַז אָקסן מוזן בלייבן אָקסן... (אַלע: בראַוואָ! בראַוואָ! דער אייזל שאָקלט מיט די אויערן און לויפט פאַראויס).

אייזל: — גוטער גאָט פון אַלע אייזלען! זיי וויסן, אַז איך בין שוין אַן אייזל פון יאָרן און יאָרן. אפילו מיין טאַטע, מיין זיידע און עלטער־זיידע זיינען געווען אייזלען, און היינט דאַרף איך מיט מיינע לאַנגע אויערן זיך פאַרשטעלן די אויגן פון מיין אייזלשן קאָפּ, כדי איך זאָל ניט דאַרפן זען, ווי אַן עראָפּלאַן פירט מיינע פּעקלעך, איך וואָלט דאָך אים צעריסן, ווען איך קאָן אים דערגרייכן...

גאָט (גלעט דעם אייזל איבער די אויערן): — אייזלען! גייט גלייך אריין אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, און איר וועט זיך דאָרט פילן, ווי ביי זיך אינדערהיים, און צוזאַמען מיט זיי וועט איר קאָנען קעמפן פאַר אייערע פּעקלעך...

(די קאַץ גיט זיך אַ חניפה־שן צי־אויס, צעמיאַוקעט זיך און שטעלט זיך פאַראויס).

קאַץ: — גאָט פון אַלע קעץ! זע וואָס די קאָמוניסטן האָבן געמאַכט פון אונז. אַמאָל זיינען אין רוסלאַנד געווען נאַרעס, זיינען געווען מייז, האָבן מיר געהאַט וואָס אַ כאַפּ צו טאָן. טאָמער ניט, האָבן מיר אַזוי געהאַט וואָס און וואו אַ ביינדל אָפּצולעקן. אָבער היינט — כאָטש שטאַרב פון הונגער, ניטאָ וואָס אַ לעק צו טאָן!

גאָט (גלעט די קאַץ): — ווערט רעדאַקטאָרן אין די קאַפּיטאַליס־טישע צייטונגען, און איר וועט האָבן גענוג טעלער צו לעקן ביי אייערע באַלעבאַטים.

(די לויז קריכט־צו פּאַמעלעך און הויבט־אָן שעפּטשען).

לויז: — גאָט פון אַלע לייז און לויזער! ווי קאָנסטו צוקוקן אונזער צער. די קאָמוניסטן האָבן צעשטערט אונזער היים. אַמאָליגע צייטן האָבן מיר זיך געוואַרעמט אין די פאות, אין די בערד און אין די פאַרשמאַלצענע יאַרמולקעס, און איצט זיינען מיר היימלאָז און „באָרד־לאָז... לענין זייערער האָט זיי געהייסן: „ראָט־אויס די לויז,

אַז גיט וועט די לויז דיך אויסראַטן". מאַכן זיי טאַקע אַ תל פון אונז. (די לויז הויבט זיך אָן צו קראַצן).

גאָט: — לייזעלעך טייערינקע, גייט און ווערט כלי־קודש, און וואו איר קאָנט אַ בים טאָן אַ קאָמוניסט, בייסט, און זאָלן זיי זיך האָבן צו קראַצן פון אייך...

(דער טכויר שטעלט זיך פאַראויס. אַלע כאַפּן זיך פאַר דין נעזער).

טכויר: — ליבער גאָט פון אַלע טכוירן, פאַרנעם אונזער געבעט. ביז איצט האָבן מיר אין רוסלאַנד געטאָן, וואָס מיר האָבן געוואָלט. אומעטום האָבן מיר זיך געקאָנט אַריינכאַפּן און טאָן „אונזערס"... (אַלע כאַפּן זיך פאַר די נעזער.) היינט אָבער היט מען אונז און „מ'דערשמעקט" גלייך וואו מיר געפינען זיך...

גאָט (זיך האַלטנדיג פאַרן נאָז): טכוירן, פאַראייניגט זיך מיט די רענעגאַטן און גיט די קאָמוניסטן צו פילן אייער מאַכט...

אַלע: — הוראַ! הוראַ! גוט! (קלאַפּן־צו מיט די פיס).

מויז (גיט אַ שפּרונג): — גאָט פון אַלע מייז און ראַטן! ווי דו ווייסט, זיינען מיר יאָרן און יאָרן געלעגן אין די מייז־לעכער. גענוג צרות האָבן מיר געהאַט פון די קעץ. (קאַץ גיט אַ שפּרונג. מויז דערשרעקט זיך.) אָבער דאָס איז גאָרניט אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס די קאָמוניסטן האָבן אונז געטאָן. מיט זייער פינף־יאָר פּלאַן האָבן זיי אויפגעבויט הייזער מיט אַ געזונטן פונדאַמענט, און פאַר אונז זיינען איצט אַלע לעכער פאַרשטאָפּט געוואָרן — כאָטש נעם און פלי־אַריין דער קאַץ אין מויל אַריין... (קאַץ פאַרמעסט זיך ווידער ווי צו כאַפּן די מויז. די מויז רוקט זיך אַוועק אין אַ זייט).

גאָט: — מייזלעך און ראַצן, ווערט שפּיאָנען! האַלט זיך אין די לעכער, וואו נאָר איר קאָנט, און פּרובירט מאַכן נייע לעכער, וואו עס איז מעגלעך. וואַטשט די קאָמוניסטן! זייט געטרייע שפּיאָנען און פאַררעטער — און איר וועט זיך נאָך אַרויפאַרבעטן...

אַלע: — גרויסאַרטיג! (שאַקלען־צו מיט די קעפּ).

הונט (שפּרינגט־צו און צעבילט זיך): — הינטישער גאָט! האַו־האַו־האַו! וואָס טוט מען וואָס? יאָרן און יאָרן האָבן מיר, הינט, געשפּילט אַ ראָל אין רוסלאַנד און שטענדיג זיך געלאָזט הערן. די צאַרסקע צייטן האָבן מיר, הינט, פאַרנומען דעם אויבן־אָן. מיר האָבן שטענדיג באַוואַכט אונזערע באַלעבאַטים. ביי אַלע פּריצישע הויפן

זיינען מיר געשטאַנען. און היינט טאָרן מיר, הינט, א מויל ניט עפענען. די הויפן האָט מען צוגענומען. די טויערן דארף מען מער ניט באַוואכן, און מיר, הינט, זיינען געבליבן ווי הינט אינדרויסן...

גאָט (פארברעכט די הענט): — אך, ווי הינטיש בלוט איז דאָס געוואָרן הפקר! (גיט א קלאַפּ מיטן פוס, ווערט בייז.) הינט, אָרגאַניזירט גלייך א פיש־קאָמיטע, וואָס איר ארבעט זאָל זיין תמיד צו בילן אויף די קאָמוניסטן מיט זייערע פּלענער, און אויב די קאָמיטע וועט ארבעטן געטריי, וועט זי האָבן ארבעט צו בילן און צו האווקען טאָג ווי נאכט...

(אַלע פאַלן אויף די קני. גאָט שפּרייט־אויס זיינע הענט איבער זיי. זיי זינגען א לויב־געזאַנג אויף זייערע חיה'שע שפּראַכן. דער אָקס מוקעט, דער הונט בילט. די קאַץ מיאוקעט. דער חזיר ריטשעט, און אזוי ווייטער).

(גאָט שטעלט זיך אוועק אנגעשפּאַרט אויפן שווערד. גלח, רב, פּאָפּ און פּאָליטישן דערנענטערן זיך צו אים. פּראָסטיטוטקע טאַנצט פּאַמעלעך א שקלאַפן־טאַנץ).

גאָט: — הערט־צו איר דינער, וואָס גלויבן אין גאָט'ס נאָמען! איך נעם אויף זיך דעם הוב אייך, אַלע מענטשן, חיות, בהמות און שרצים, צו באַשיצן קעגן די זינדיגע לעסטערער און צעשטערער פון א רואיגער וועלט — די פאַרשאָלטענע קאָמוניסטן. איר טאָרט זיך איבער ניט באַנוגענען מיט א לויב־געזאַנג צום אַלמעכטיגן, נאָר איר מוזט זיך באַוואָפענען מיט געווער און מיט וואָס איר קאָנט נאָר, און אויף אַלע וועגן און שטעגן זיי לייגן שטיינער אין וועג. (אַלע שאָקלען מיט די קעפּ אויף „יע". עס דערהערט זיך א סירענען־פייף, א קלאַפּ פון א האַמער).

פּאָפּ (ווייזט־אָן): — איר זעט? זיי ב ו י ע ן!
רב (ווייזט־אָן): — איר הערט? זיי ברעכן!
פּאָליטישן־קאַפּיטאַליסט: — זיי קערן איבער די וועלט!
אַלע: — זיי קערן איבער די וועלט! (ציטערן).
גלח (צלמ'ט זיך איבער): — מיר זיינען פאַרלאָרן!

(עס דערהערט זיך שטאַרקער דאָס קלאַפּן און רוישן, דאָס פייפן פון סירענען. עס דערהערן זיך טריט צום טאַקט פון דער רויטער אַרמיי, זינגענדיג „בודיאָני'ס מאַרש". די סערפּ־און־האַמערס אין

די פאַבריקן ווערן רויטער באַלויכטן).

**גאָט** (דערשראָקן): — אָבער מיר אַלע צוזאַמען. (אַלע הויבן־אָן צו בילן, כרוקען, מיאַוקען, הירזשען, פאַלן אויף אַלע פיר צעשראָקן. גאָט דיריגירט זיי, אָבער זיי צעקריכן אונטער די גרעזער, צווישן די אָנגעבראָכענע צווייגן. רב, גלח, פּאָפּ, פּאָליטישן און די אַנדערע „העלדן" באַהאַלטן זיך הינטער די שטיינער. די טריט ווערן שטאַר־קער. דאָס געזאַנג — העכער. דאָס קלאַפּן אין די פאַבריקן — פּעמטער. גאָט ציטערט־אויף, און ניט־ווילנדיג קייקלט ער זיך אַרונטער פון דעם גרויסן שטיין.

(פאָרהאַנג פאַלט)

## פערזאנען:

מאקס פיסנאגי — עקס־באאמטער פון א יוניאן. האלט שטענדיג די הענט אין די קעשענעס און קלינגט מיט קליינגעלט.

יונה קראצער — האלט אין איין דרייען מיט די ליפן און שפייען דורך די ציין.

הערי ריפסטייק — א גראב־בייכיגער באאמטער אין א יוניאן. האלט פולע קעשענעס מיט עפל. קייט און שפייט.

מאטיע זעץ — טראגט א קעפ אויף א זייט. האלט שטענדיג א פלאש אין קעשענע, זיך צו שלאגן.

יאנקל זאאיקי — אן אלטער גענאסע, א שטאמלער. טראגט שטענדיג א „פארווערטס" אין קעשענע.

משה זיבעלע — „א באי פון די באיעס". האלט שטענדיגביינדלאך אין זשמעניע. קנאקט מיט די פינגער און ווארפט די ביינדלעך אויפן טיש.

פינקע נעבאי — אן „אומפארטייאישער".

עמא די וועמפ — אן אלטע דרעסמאכערן. א פארזעניש. האלט זיך אין איין שמירן די ליפן און קוקן אין שפיגעלע.

מענדל — א רענק־און־פיילער.

עלטערע דעלעגאטן.

מאסן-ארבעטער — פון פארשיידענע טריידס.

רעדנער — וועמען מ'זעט ניט אויף דער סצענע.

# ערשטע סצענע

שטייען אַרבעטער גרופּנווייז אַרום די געביידעס פון „פאָר־ווערטס" און „טאָג", אויף וועלכע עס הייגגען שילדן. די אַרבעטער דיסקוטירן צווישן זיך. אַרבעטער קומען־אָן. די גרופּעס פאַרגרע־סערן זיך. טראָגן פּלאַקאַטן מיט לאָזונגען אין די הענט. אַלע רעדן שטיל צווישן זיך.)

**ערשטער אַרבעטער:** — שוין גענוג האָבן זיי גענאַרט די אַרבעטער.

**צווייטער אַרבעטער:** — מיר מוזן דעמאַסקירן די באַלעבאַטישע פּרעסע — מעגן זיי מאַכן דעם אָנשטעל פון אַרבעטער־פריינט. מיר וועלן היינט אויפדעקן זייער אמתן פּנים.

**דריטער אַרבעטער** (פון אַ צווייטער גרופּע): — אָבער איך קאָנט דאָך ניט פאַרגלייכן דעם „טאָג" מיטן „פאָרווערטס". ערשטנס רופט זיך דער „טאָג" ניט קיין אַרבעטער־צייטונג, און צווייטנס איז ער דאָך „אומפּאַרטייאיש".

**פערטער אַרבעטער:** — און איך זאָג, אַז דער „טאָג" איז געפערלעכער פון „פאָרווערטס" און „מאָרגן זשורנאַל", ווייל ווען עס איז שוין קלאָר פאַר דעם אַרבעטער, אַז דער „פאָרווערטס" איז די צייטונג פון די ביוראָקראַטן, באַלעבאַטים און טעלעבענדע־לעזער, און אַז דער „מאָרגן זשורנאַל" איז די צייטונג אין אידיש פון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי, דאָס הייסט: פון גרויס־קאַפּיטאַל, האַלט זיך אָבער דער „טאָג" פאַר אַ קולטורעלער צייטונג און רופט זיך נאָך: אומפּאַרטייאישע, ווען אין דער אמתן איז דאָס די צייטונג פון טעמעני, און נאַרט אַלעמען.

**דריטער אַרבעטער:** — געוויס איז גוט, ווען מיר הערן אַמאָל אַן אומפּאַרטייאיש וואָרט אפילו אין אַ געגנערישער צייטונג.

**פערטער אַרבעטער:** — זייט ניט קיין נאַר! ווייסט אין וואָס ס'באַשטייט די אומפּאַרטייאישקייט פון אַזעלכע צייטונגען? אין פאַר־

קויפן די שורות צו אלעמען, ווער עס באצאלט נאר, און שרייבן פאר אלעמען ווי עס לוינט זיך.

פינפטער ארבעטער (פון א דריטער גרופּע): — מ׳דארף ווייכן פון זיי! איר האט געזען היינט ביי זיי די וויכטיגסטע „קאפּ״? אין דער צייט, וואס פיר מיינערס זיינען דערשאסן געווארן פון די פּאליציייאישע הינט, ווען די מיינערס זיינען געווען אויף דער פּיקעט־ליין — שרייבן זיי די הויפּט־ניים וועגן א פרוי, וואס האט געבארן א אינגעלע מיט נעגערשע ליפּן און ציינער, (אלע לאכן.) איך וועל אייך זאגן דעם אונטערשייד פון די דריי צייטונגען: ווען דער „מארגן זשורנאל״ פארקויפט שורות, „העגטס וואנטעד״, פארקויפט דער „טאג״ זייטן: „אידישע וועלט״, „ארבעטער וועלט״, „ביזנעס וועלט״, „ציוניסטישע וועלט״. דער „פארווערטס״, ווידער, פארקויפט זיך אינגאנצן, ווען מ׳צאלט נאר דעם ריכטיגן פּרייז. (אלע לאכן).

זעקסטער ארבעטער: — חכם איינער, דאס איז דאך זייער אויפגאבע: דעם ארבעטער צו פארטומלען דעם קאפּ, אז ער זאל פארגעסן זיינע קלאסן־אינטערעסן. און זיי מאכן דערוויל א טאלער. האט איר באדארפט זען, ווי מיין שכנה איז געקומען ארייגעלאפן צו מיר מיט גוואלדן: זי האט פאר מיר א וויכטיגע זאך צו לעזן, און דערלאנגט מיר דאס „בינטל־בריף״. וואס איז? א מאן שארט זיך צו א פרוי, ווייסט זי ניט, צי זאל זי אים לאזן זיך „שארן״, אדער נים, וויל זי ניט אנדערש, ווי נאר דער ווערטער רעדאקטאר זאל איר געבן א ראט „לאזן שארן זיך אדער ניט״. צום באדויערן זיינען נאך פאראן טויזנטער ארבעטער, וואס אנשטאט צו לייענען וועגן דעם קאמף, לייענט מען די בעד־רום־מעשות.

פינפטער ארבעטער — יע, די פּרעסע איז א שארף געווער פאר די באלעבאטים צו פארטעמפּן די מוחות פון די ארבעטער.

זעקסטער ארבעטער: — געוויס. זיי האבן מורא, אז דער ארבעטער זאל ניט דערזען די וועלט, שטופּט מען אים נאר אין בעד־רום.

פינפטער ארבעטער: — חוץ די בעד־רום ווילן זיי אויך א פּאנראמעלע, אן אומגליק, א גט; אלץ איז גוט, וואס קאן נאר אריינברייגען די קאסטימער מיט די דריי־סענטיגע.

זעקסטער ארבעטער: — טאקע ניט נאר די דריי־סענטיגע. זיי זיינען קלאסן־באוואוסטזיניגע שונאים פון דעם ארבעטער. זיי האבן זייער אויסרעכענונג. אט, זעט נאר, ווי זיי שפּינען ליגנס ארום

סאָוועטנפאַרבאַנד. און ווי כיטרע זיי טוען דאָס! דאַכט זיך, אַז שרייבן זיי שוין אַן אַרטיקל פאַרן סאָוועטנפאַרבאַנד, אָבער דאָס איז נאָר מיטן צוועק אַריינצונאַרן דעם לעזער און אַריינפּאַמפּען אין אים אַנדערע צען קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע אַרטיקלען.

זיבעטער אַרבעטער: — האָט איר כאָטש געהערט פון דעם, ווי אַזוי דאָס רעכטע געזינדעלע רופט אויף היינט אָוונט אַ באַראַטונגס־קאָנפערענץ אויסצואַרבעטן אַ פּלאַן ווי אַזוי צו פאַרניכטן די רעוואָ־לוציאָנערע באַוועגונג און טאַקע באַקעמפן די לינקע דאָ אין לאַנד?

פינפטער אַרבעטער: — פון וואַנען ווייסטו דאָס?

זיבעטער אַרבעטער: — איך האָב דאָס היינט געלייענט אין „פאָרווערטס".

פינפטער אַרבעטער: — אַט זעסטו. דאָס איז דער כוח פון דער באַלעבאַטישער פּרעסע. אַז אַרבעטער, וואָס ווייסט, אַז דער „פאָר־ווערטס", „טאָג" און „מאָרגן זשורנאַל" דינען די באַלעבאַטים, פונ־דעסטוועגן קויפסטו די צייטונג. דו באַצאָלסט פאַר דעם, און פאַר דיינע סענטן וועט מען איינגעבן דעם צוריקגעשטאַנענעם אַרבעטער נאָך אַ פּאָרציע סם. שעמען מעגסטו זיך!

זיבעטער אַרבעטער: — ביסט גערעכט. אָבער דערווייל הער זיך צו: זיי רופן היינט אַ קאָנפערענץ, און דער „פאָרווערטס" שרייבט, אַז עס וועט זיין וואָס צוצובייסן, און זיי וועלן באַהאַנדלען די באַ־וועגונג...

מענדל (צעלאַכט זיך): — איך מאַך אַ וועט, אַז איך וועל נאָך היינט שוין וויסן וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען.

פינפטער אַרבעטער: — אויף מענדלען איז צו גלויבן.

מענדל: — וואו קומט דאָס פאַר?

זיבעטער אַרבעטער (כאַפּט אַרויס אַן אויסשניט פון קעשענע): — אַט האָסטו דעם אַדרעס. זיי רופן דאָס היינט אַ שוואַרצע אסיפה צו פאַרשטאַרקן דעם קאַמף געגן די אַרבעטער, וואָס ווילן מער פון זיי ניט וויסן.

מענדל (נעמט דעם אַדרעס): — איך וועל שוין דאָרט היינט זיין, און וועל נאָך טרינקען אפילו אַ שנאַפּס. (אַלע לאַכן. עס דערהערן זיך שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן. אַלע שטעלן־אָן די אויערן צו הערן. דורך אַ מעגאַפאָן דערהערן זיך ווערטער פון אַ רעדנער).

רעדנער: — חברים! פּונקט ווי רעליגיע איז אָפּיום פאַרן פאָלק, אַזוי איז די באַלעבאַטישע פּרעסע סם פאַרן פאָלק. אַנשטאָט צו שרייבן און אויפדעקן די שווינדלען און רויבערייען, וואָס דער הערשנדיגער קלאַס טוט־אָפּ טאָג־טעגלעך, פאַרדעקן זיי דאָס מיט זנות און סענסאַציעס. אָן אַרבעטער, וואָס איז קלאַסן־באַוואוסטזיניג, דאַרף זיך שעמען צו האַלטן די נבלה אין זיין האַנט! (גרויסע אַפּלאָדיסמענטן.) חברים! דער כוח פון קאַפּיטאַליזם האַלט זיך נאָך אַדאַנק דעם אַנשפּאַר אָן דער באַלעבאַטישער פּרעסע פון איין זייט און אָן דעם קלאַב פון דער פּאָליציי פון דער צווייטער זייט. (עס הערן זיך אַפּלאָדיסמענטן. פּאָליציי הויבט־אָן פּאַכען מיט די קלאַבס. אַרבעטער פייפן זיי אויס. דורך די פענצטער פון „פאָרווערטס״ ווייזן זיך קולאַקעס קעגן די אַרבעטער. אַרבעטער קעמפן מיט דער פּאָליציי. אַ גרופּע ווערט אַרעסטירט. פּאָליציי פאַרהאַלט זיי און וואַרט אויף אַ פּאַטרול־וואָגן. אַרבעטער לאַכן דער פּאָליציי אין פּנים אַריין, זינגען מוטיג רעוואָלוציאָנערע לידער. עס דערהערט זיך דער אָנקום פון פּאַטרול־וואָגן. פּאָליסלייט שטעלן־אויס די אַרעסטירטע אין אַ ריי און ווייזן זיי צו גיין אין וואָגן אַריין. ספּאָנטאַן צעטראָגט זיך דאָס געזאַנג פון „אינטערנאַציאָנאַל״. פּאַטרול־וואָגן פאָרט־אָפּ).

(עס ווערט אַ ווייַלע פינצטער. די וואַנט פאַרשווינדט).

## צווייטע סצענע

אָרט — אין אַ מיטינג־רום. אָנגעשטעלט טישן, שטולן. אין אַ ווינקל, לינקס, שטייט אַן אָרון־קודש און אַ פּלאַטפאָרמע. אין צענטער, — אַריינגאַנג. לינקס — אַ סך פענצטער צום גאַס.

אויף טישן שטייען אויסגעליידיגטע און איבערגעקערטע פלעשער. אויף טאַצן ליגט אָנגעלייגט פּרוכט, ניס און אַנדערע נאַשערייען. אַרום די טישן ליגן אָנגעוואָרפן קאָרטן. אייניגע זיצן אָנגעשפּאַרט אויפן אַנלען פון די שטולן. אייניגע — אָנגעשפּאַרט אָן וואַנט. עטלעכע ליגן אויף די טרעפּ, לעבן דער פּלאַטפאָרמע. אַלע וואָרפן זיך מיט שאָלעכץ פון די ניס, מיט עפּל. משה זיבעלע ליגט אויפן פּלאָר און וואַרפט די ביינדלאַך. עמאַ די וועמפּ ווינקט מיט אַן אויג. הערי ריפּסטייק ליגט צום פּלאָר אויף די קני און זינגט צו עמאַ'ן: נאָך אַביסל, נאָך אַביסל, נאָך, נאָך, נאָך.

פינקע נעכאַי: — זאָל שוין זיין גענוג. ס'איז דאָך שוין צען אַזייגער. טאָ עפנט דעם מיטינג און מאַכט אַ סוף. נעכאַי וואָלט מען שוין היינט גאָרניט געמיטעט.

העריי ריפּסטייק (קלאַפּט אין די הענט): — נאָך אַביסל, נאָך אַביסל, נאָך, נאָך, נאָך.

מאַיק פּיסנאָגי (נעמט זיך הויבן פון שטול): — נו, מיר גייען עפענען דעם מיטינג. (הויבט זיך און פאַלט צוריק אין שטול. מאַטיע זעץ טראָגט אים צו אַ פּלעשל).

מאַטיע זעץ: — נאַ, ברודער, זעץ און גיס וואַסער! (וויל אים העלפן אַרויסהויבן זיך פון שטול, און ביידע פאַלן צוזאַמען. עלטערע דעלעגאַטן ווילן זיי העלפן זיך שטעלן, און אַלע פאַלן. הויבן זיך ווי ס'איז אויף).

מאַיק פּיסנאָגי: — איך גיי, איך גיי עפענען דעם מיטינג. זאָל זיין רואיג. (קומט צו דער פּלאַטפאָרמע. פאַלט איבער אַ „ספּיטון". ער צעשרייט זיך אויף אַ דעלעגאַט.) אַט אַזוי אַלעמאָל זיצט זיך צע־שפּרייט איבערן פּלאַר. שיר צעבראַכן דאָס פּלעשל. (שטעלט זיך אַוועק לעבן טישל און גיט אַ קלאַפּ מיטן פּלעשל.) ברידער! דער מיטינג איז אָפן. דער היינטיגער מיטינג, ווי איר ווייסט, איז איינער פון די וויכטיגסטע מיטינגען. אַזעלכע מיטינגען קאָן מען אַלע וואָך ניט רופן. דערפאַר וועט דער מיטינג מוזן היינט באַשליסן וועז מיר זאָלן האָבן דעם נעקסטן מיטינג. נאָר בעפאָר מיר וועלן האָבן דעם נעקסטען מיטינג, וועלן מיר הערן פון שוועסטער עמאַ אַ באַריכט פון לעצטן מיטינג. אַלזאָ, שוועסטער עמאַ, גיט אונז אָפּ אַ מיטינג — איך מיין אַ באַריכט.

יאַנקל זאַאיקי: — אַ באַאַאַריכט ווי אַ באַאַריכט. מיר ווילן וויססן וווווּאָס איזזזז געעעוואָרן מימימימיט די געלללללט?

מאַטיע זעץ: — עמאַ, זעץ און גיס וואַסער! לייען דעם פּראָ־טאָקאָל!

עמאַ (גיט אַ וואָרף מיט שאַלעכץ פון ניס צו ריפּסטייק'ן. נעמט אַרויס אַ ביכעלע פון פּאַקעטבוק און גייט צום טיש. נעמט לייענען.) אַ ספּעשל מיטינג איז געווען גערופן צו פּאַרהאַנדלען אַ ספּעשל פראַגע. ספּעשל וויכטיג איז דיסקוטירט געוואָרן די ספּעשל פראַגע ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון די לינקע. אַ סך באַאַמטע זיינען ספּעשל געקומען צו דעם ספּעשל מיטינג און פּאַרלאַנגט ספּעשל אַ

וואָרט אין דער ספּעשל פּראָגע. נאָך אַ לאַנגער דיסקוסיע, וואָס מ'האָט דיסקוטירט צי מען זאָל דיסקוטירן, האָט מען נאָך דער דיסוקוסיע באַשלאָסן די דיסקוסיע היינט פּאָרזעצן. איין דעלעגאַט האָט געמאַכט אַ פּאָרשלאַג, אַז מיר זאָלן די יוניאָנס צעשפּאַלטן און די קעפּ פון די לינקע צעברעכן — וועלן מיר האָבן אַ יוניאָן.

פינקע נעכאַי (שפּרינגט־אויף): — ברודער טשערמאַן! איך האָב אַזוי ניט געזאָגט. איך האָב ביים לעצטן מיטינג גאָרניט גענומען דעם פלאָר. נעכאַי וואָלט מען פאַרשרייבן וואָס מען רעדט.

מאָטיע זעץ (צו עמאַ'ן): — זעץ און גים וואַסער! זאָל ער דאָרט אויפהערן צו נעכאַיען.

עמאַ: — אַז מ'אונטערברעכט מיך ווייס איך ניט וואו איך האַלט. וועל איך אָנפאַנגען צוריק פון אָנפאַנג.

מאַיק פּיסנאַגי: — דו האַלטסט ביים ברעכן!...

עמאַ: — יע. ווייטער איז באַשלאָסן געוואָרן ריינצואוואַשן מאַקס גוידער און פילים פליך און ארבעטן מיט זיי צוזאַמען. מאָטיע זעץ האָט אריינגעבראַכט אַ ביל, אַז ער האָט אויסגעגעבן 74 דאָלער אויף טעלעפאָנען, 108 דאָלער פאַר מאַשינען, צוועלף סענט פאַר ליטעראַטור און פיר הונדערט דאָלער פאַר „יונאָו"...

יונה קראַצער: (גיט אַ שפּיי דורך די ציין): — האָט מען כאָטש געמאַכט אַ גוטן דזשאָב?

מאָטיע זעץ: — אַזאַ יאָר אויף אונזביידן. עס איז געווען: זעץ און גים וואַסער. איך קראַץ ניט, נאָר אַז איך זעץ איז געזעצט!

עמאַ (לייענט ווייטער): — און פערציג דאָלער איז עפּעס אוועק גלאַט אַזוי. דערצו 48 דאָלער אויף קליינע אויסגאַבן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו האָבן נאָך אַ מיטינג און באַשליסן וואָס ווייטער צו טאָן. דאָס אַלעס. עמאַ סעקרעטאַר.

משה זיבעלע: — עמאַ, דו מיט דיין פּראָטאָקאָל וועמפּסטו מיך. מ'דאַרף דיר אויסקושן יעדן אבר פאַר אָפּגעבן אַזאַ גאָלדענעם באַריכט. איך זאָג דיר, דו ביסט אַ „סעווען־עלעווען".

עמאַ (ווינקט מיט אַן אויג און שיקט אים אַ לופט־קוש): — אַלע מאַכן מיר קאָמפּלימענטן פאַר מיין שרייבן.

מאַיק פּיסנאַגי: — ברידער, איר האָט געהערט דעם פּראָטאָקאָל. אַלע, וואָס ווילן אַ וואָרט, זאָלן רעדן.

יאַנקל זאַאיקי: — אאאאיך מאַך אַ פאַרשלללאַג גגגגוט צצצצצו הייססססן.

מאַיק פיסנאַגי: — אַלע, וואָס זיינען פאַרן פאַרשלאַג, זאָלן זיך אויפשטעלן. (אַלע ווילן זיך שטעלן און פאַלן פון די פיס).

מאַיק פיסנאַגי: — אַלזאָ, דער פאַרשלאַג איז אָוועקגעפאַלן. בלייבט דער פראָטאָקאָל הייגנען אין דער לופטן.

מאַטיע זעץ: — פראָטאָקאָל, שמאָטאָקאָל. ברודער פיסנאַגי, זעץ און גיס וואַסער!

(אַלטער דעלעגאַט ווענדט זיך נאָך אַ וואָרט).

מאַיק פיסנאַגי: — איר האָט דאָס וואָרט.

אַלטער דעלעגאַט: — איך בין ניט קיין רעדנער. איך גלויב, אַז מ'דאַרף ניט רעדן, נאָר טאָן. נאָר אַזוי ווי מ'האַלט שוין אין רעדן, וויל איך אויך עפּעס רעדן. הערט, ברידער, מיר אַרט ניט וואָס איר וועט רעדן. אָבער אויב איך רעד שוין, מוז איך רעדן. אַזוי ווי אַלע אונזערע מיטינגען גייען אַוועק מיטן רעדן, דערפאַר וויל איך קיין סך ניט רעדן, נאָר אייך זאָגן: הערט־אויף רעדן. (אַלע אַפּלאָדירן).

מאַיק פיסנאַגי: — שוין פאַרטיג? אָפּגערעדט?

אַלטער דעלעגאַט: — פאַרטיג. (זעצט זיך אַוועק).

יאַנקל זאַאיקי: — טשטשטשטשערמאַן, אאאיך האָבבב דדדעם פּללללאַר, מדדדדדאַרף גגגגגעבן דדי לללינקע נאָר בבבבוכטשעס און אַ סססססוף. ווער דדדדאַרף אַ „פּפּפּרייהייייייייט"? אַז איך קקקקאָן נאָך ניט לללעלללעזן דעם „פּפּפּאָרוווערטס"!

2טער דעלעגאַט (ליטוואַק): — אַ וואָרט, צערמאַן.

מאַיק פיסנאַגי: — וואָס ווילט איר זאָגן?

2טער אַלטער דעלעגאַט: — אַמאָליגע יאָרן, נאָך אַ מיטינג, פלעגט מען אַריינגיין אין אַ ווייז־קעלער, נעמען אַ סטיקל קיסקע, אַ סנאַפּס. היינט איז דאָך אַ סלעכטע געסיכטע. אַ באַנדע סווינדלער האָבן זיך גענומען צו אונז, כאַץ נעם און דערסטיק זיך. ברידער! מיר מוזן אָנהאַלטן אַ סטיקל יוניאָן. קיסקע זאָל זיין. (זעצט זיך אַוועק).

מאַטיע זעץ (שפּרינגט־אויף מיט אַ פלעשל אין האַנט): — בעליוו מי, אַ יוניאָן זאָל מען האָבן. איך בין שוין פאַרשולדיגט אי־בערן קאָפּ, ברידערלעך. זעץ און גיס וואַסער, אַז ניט זיינען מיר קאַפּוט.

(פינקע נעבאַי בעט אַ וואָרט.)

מאַיק פּיסנאַגי: — איר האָט דעם פּלאַץ!

פּינקע נעבאַי: — ווי איר ווייסט בין איך אומפּאַרטייאיש. אַמאָל טרינק איך שנאַפּס, אַמאָל ביר. איר פאַרשטייט מיין משל, ברידער? איך וויל דאָס זאָגן אַנטקעגן דעם, —ווי האָט אַמאָל געזאָגט שלמה המלך? די לינקע קאָנען נאָרן אַלעמען אַלעמאָל איינעם איין מאָל, אָבער ניט איינעם אַלעמאָל! (אַלע אַפּלאָדירן). נעבאַי זאָלן שוין אַנדערע רעדן. (זעצט זיך אַוועק).

הערי ריפּסטייק (צעלאַכט זיך): — עי, דו גראָבער יונג, ווער האָט דאָס געזאָגט? שלמה המלך וועט דיר זאָגן אַזא חכמה? דאָס האָט גאָר געזאָגט דר. הערצל.

פּינקע נעבאַי (שטעלט זיך אויף): — נו, בין איך ניט קיין היסטאָריקער. הערט, ברידער, ווי זאָגט קאַרל מאַרקס?... נעבאַי — ברידער, ווי זאָגט קאַרל מאַרקס?...

מאַיק פּיסנאַגי (גיט אַ קלאַפּ מיטן פּלעשל): — הערט, ברודער נעבאַי, אויב קאַרל מאַרקס האָט וואָס צו זאָגן, קאָן ער אַליין בעטן דעם פּלאַץ. וואָס האָט א י ר צו זאָגן?

פּינקע נעבאַי: — איך וויל זאָגן, וויל איך, אַז מיר דאַרפן זיין אומפּאַרטייאיש. די לינקע ווילן דעם ערשטן מאַי, זאָלן זיי אים נעמען, מיר וועלן האָבן דעם ערשטן אַפּריל. די לינקע ווילן די אַרבעטער, גוט! זאָלן זיי נעמען, מיר וועלן האָבן די באַלעבאַטים. איר פאַרשטייט מיין משל, טשערמאַן? זאָלן זיי גיין עפּעס טאָן אָן די באַלעבאַטים. זיי וועלן דאָך פּעגרנען.

מאַטיע זעץ — זעץ, ברודער, גוט!

עמאַ (שפּרינגט־אויף): טשערמאַן! זאָל ער רעדן צו דער זאַך. וואָס פאַר אַ ביזנעס האָבן מיר מיטן ערשטן מאַי? איך אַרבעט שוין צוויי און דרייסיג יאָר אין שאַפּ, און איצט קומען קליינע מיידעלעך, אַט אַזעלכע־אַ (ווייזט־אָן מיט דער האַנט) און ווילן פירן די יוניאָן. מיר וועלן זיי די אויגן אויסדראַפּען.

פּינקע נעבאַי: — געזעגט! (אַפּלאָדירט און זעצט זיך אַוועק).

הערי ריפּסטייק (גיט זיך אַ כאַפּ־אויף, וואַרפט אַוועק אַ האַלבן עפּל אויפן פּלאַץ: — נו, טשערמאַן, דערלאַנג מיר נאָך אַ שטיקל פּלאַץ. גענאַסן, דאָס וועט ווייטער אַזוי ניט גיין. איך בין שוין זעכצן יאָר וואָרקינג דעלעגאַט און איך האָב קיינמאָל ניט געליטן אַזויפיל צרות ווי איצט. וואָס ווייסט איר, גענאַסן? פון די באַלעבאַ־

טים האָב איך ניט אַזויפיל צרות, וויפיל איך האָב פון די לינקע חברה. איז דאָס ווען געהערט געוואָרן אין אין דער אַרבעטער־באַוועגונג אַזאַ סקאַנדאַל? די מאַנופעקטשורערס ווילן מיך ניט אַרויסוואַרפן. פאַר־קערט: די בעסטע גוטע־ברידער. קומען צוגיין די לינקע יאַלדן, לאָבוד־ראַגצעס אַזעלכע, און זיי ווילן מיך אַרויסוואַרפן. גיי, נעם זיך דאָס אָן פאַר זיי. מיינע ברידער, די מעשה וועט ניט גיין. מיך וועלן זיי ניט אַרויסבייסן פון דזשאָב... וואָס איז, זיי גלייכן, ווען מ׳וואַרפט זיי אַרויס? געגאַסן, איך האָב אַ גוטן פאָרשלאָג. מיר דאַרפן זען זיך מיט די באָסעס, אַז מען זאָל אָנפאַנגען די אַרבעטער וואַרפן פון די שעפּער, דאַן וועלן זיי פילן דעם טעם און אָן אונז פאַרגעסן. טשער־מאַן, נאָך איין וואָרט און איך בין פאַרטיג. וואָס איך וויל זאָגן, טשער־מאַן, איז: זיי קריינקט מער פון אַלץ, פאַרוואָס איך גיי אַריין אַמאָל עסן מיט אַ באָס אַ סטייק. דערקלער איך זיי: וואָס גייט אייך אָן לעבן פאַרן באָס צוויי דאָלער? דאָס איז דען אייערע? פאַרקערט: איך שפּאָר דאָך נאָך איין דער יוניאָן געלט. איך בין אַ מענטש, וואָס איך קאָן אויפעסן צוויי סטייקס. די יוניאָן גיט מיר ניט מער ווי אויף איינעם. טאָ וואָס ווילט איר? איך זאָל זיין אַ מאַרטירער און שטאַרבן פון הונגער? געגאַסן! מיר מוזן זען עפּעס טאָן, ווען ניט איז מיין דזשאָב ניט ווערט קיין פּעני מער. (אַלע אַפּלאָדירן אים. ער כאַפּט אַרויס אָן עפּל פון קעשענע און בייסט אַריין).

יאַנקל זאַאיקי (כאַפּט אַרויס דעם „פּאַרוועטס" פון קעשענע):

— דעדעדעם „פּפּאַרוועוועוועטססס" וועוועוועוועטער, געגערעכט, גוגוגוגוגוגוגוט!

מאַיק פּיסגאַגי (ווערט אַנטשלאָפן שטייענדיג, פאַלט אַריין אין טשער און כאַפּט זיך אויף): — ברידער, מיר טאָרן ניט שלאָפן, ברודער ריפּסטייק, איר זענט שוין פאַרטיג? ווער וויל דעם פלאָר?

יונה קראַצער (שפּייט אויס): — טשערמאַן, ברידער און געגאַסן.

עמאַ: — איר מעגט זאָגן שוועסטער אויך.

מאַטיע זעץ: — קאַמאָן, זעץ און גיס וואַסער!

יונה קראַצער (שפּייט אויס): שוועסטער, טשערמאַן, ברידער, געגאַסן, וואָס וועט זיין? די ווייב וויל עסן, די קינדער ווילן עסן. איך האָב שוין ניט געשפּילט קיין פּינאָקל גאַנצע צוויי וואָכן. ניטאָ אַ פּעני אין פּאָקעט, וואָס וועט זיין, וואָס?

מאַטיע זעץ: — נו, און די פערדלעך? שוין די „רייסעס" אויך אויפגעגעבן?

יונהקו אַצער: — אז עס גייט ניט, איז ערגעץ ניט. לויפן שוין מיינע פערדלעך אויך ניט... אַלזאָ, צו דער זאַך. ברידער, דער דריטער „נאַציאָנאַל" רואינירט אונז. וואָס וויל פון אונז דער דריטער „נאַציאָנאַל"? אז איך קען זיך אפילו ניט מיטן ערשטן... צוויי און צוואַנציג יאָר אַ באַאַמטער אין דער יוניאָן, איז דער „נאַציאָנאַל" ווען געקומען רעדן צו די אַרבעטער? האָט ער ווען געגעבן אַ פּאָר דאָלער דער יוניאָן? איצט איז ער געקומען און זאָגט אונז דעות. נאָוסער! מיר'ן אים צעברעכן זיינע ביינער. מיר'ן אים צעפליקן די פּיסקעס, אז דער דריטער וועט שוין פאַרזאָגן דעם צענטן... מיט אונז זיך ניט אַנצופאַנגען. ער אַליין איז אַ מוזיקאַנט, וואָס מישט ער זיך אין אונזערע ביזנעס?

מאַיק פּיסנאָגי: — וואָס פאַר אַ מוזיקאַנט? דער דריטער „נאַציאָנאַל" איז גאָר אַ קאָמוניסטישער וואַקינג דעלעגייט פאַר אַלע יוניאָנס.

יונה קראַצער: — זאָלסט מיר מוחל זיין (טוט אַ שפּיי.), דו ווייסט ניט וואָס דו רעדסט. איך האָב אַליין געהערט זינגענדיג זיינע לידלעך, דעם דריטן „נאַציאָנאַל"ס...

מאַטיע זעץ: — ווי מיר דאַכט זיך, קענט איר ביידע זייער קאָרל מאַקעס. נו, :זעץ, ברודער, און גים וואַסער.

יונה קראַצער: — אַלזאָ, וואָס טוט מען, וואָס? (עמאַ לויפט־צו און דערלאַנגט אים אין האַנט עטלעכע נים. ער נעמט דאָס צו און לייגט אַריין אין קעשענע.) איך זאָג נאָכאַמאָל: וואָס טוט מען, וואָס? זיי איז גוט צו רעדן — ווערן אוים באַאַמטער. ווען איך בין אַ געבילדעטער מענטש, ווער איך אַן אינשורעטס־אַגענט, אַ מענעדזשער, אַ פאַרמאַן, אָבער... (ווייזט, אַז ער קאָן ניט שרייבן.) מיט דער יונאָן בין איך נאָך עפּעס, אָן דער יונאָן?... וואָס טוט מען, וואָס?...טשערמאַן, איך וואָלט געוואָלט זיין קלאָר. דאָ, פאַר אייגענע מענטשן, מעגן מיר רעדן. וואָס שרייען זיי, די לינקע, אז מיר האָבן ניט קיין פּראָגראַם. מיינען זיי דאָס דיזעלביגע פּראָגראַמס, וואָס מ'קריגט אין טעאַטער?

הערי ריפּסטייק: — וואָס איז, דו ווילסט שוין ווערן אַ לינקער? דער פּראָגראַם זייערער איז „אַלגעמיישאַן", וואָס ווינציגער

לאָקאַלס. קליינע פיידעס פאַר די באַאמטע, גרויסע פיידעס פאַר די „פּאַרלעטאַריער", קליינע סטייקס פאַר די באַאמטע, גרויסע מכות פאַר די עקס־באַאמטע, פאַרשטייסט שוין?

יונה קראַצער: — טשערמאַן, הערי ריפּסטייק'ן איז גוט צו רעדן, ער נעמט נאָך א וואָך פּיידע, אָבער?... (ווייזט אויף זיך.) — מער האָב איך ניט וואָס צו זאָגן.

עמאַ: — ניט קיין וואונדער, וואָס די קאָמוניסטלעך לאַכן פון אונז. מיר רעדן שוין א שטונדע, און איך הער ניט קיין פּראַקטישן פאָרשלאָג, נאָר פּיידע און פּיידע.

מאַיק פּיסנאַגי (גיט א שטאַרקן קלאַפּ מיט פלעשל און אַלע פאַלן ארונטער פון די ערטער): — אָרדער, געגאַסינע, רעדט צו דער זאַך.

עמאַ: — איך האָב שוין אָפּגערעדט. (זעצט זיך אוועק).

דער אַלטער דעלעגאַט: — טשערמאַן, לאָזט רעדן א וואָרט דאָס פאָלק. וואָס איז דאָ, וואָס?

מאַיק פּיסנאַגי: — שאַראַפּ! איר האָט ניט דאָס וואָרט. מאַטיע זעץ, וואָס ווילט איר זאָגן?

מאַטיע זעץ: — איך וויל זאָגן ווי עס שטייט אין דער תורה — אז אוואו עס זיינען דאָ א סך טאַטעס, גייט אַרום דאָס קינד אָן א מאַמען... אַנטקעגן וואָס זאָג איך דאָס? אַנטקעגן דעם, זעץ און גיט וואַסער, ברודער, וועט איר האָבן די יוניאָן. א באָטל מאַגינעזי העלפט צום מאָגן. אָבער דאָס איז אויב גוט צום קאָפּ... (ווייזט ווי ער דער־לאַנג.) אז מ'דערלאַנגט נאָר גוט...

עמאַ: — טשערמאַן, איך האָב א פּראַקטישן פאַרשלאָג.

אַלע: — נו, נו?

עמאַ: — איך מאַך א פאַרשלאָג, אז מיר זאָלן אריינשרייבן א בריוו אין „בינטל בריוו" און פרעגן דעם ווערטן רעדאַקטאָר א עצה, וואָס טוט מען מיט די לינקע.

אַלע (אַפּלאָדירן): — גוט, גוט.

מאַיק פּיסנאַגי: — געגאַסן, איר'ט געהערט א פאַרשלאָג. וואָס איז אייער מיינונג?

יאַנקל זאַאיקי — איך אונטעטעטעטערשטיטיטיץ!

מאַיק פּיסנאַגי: — אַלע, וואָס זיינען דאַפיר, זאָלן זיך אויפ־שטעלן.

אַלע (ווילן זיך אויפשטעלן און פאַלן פון די פיס).

מאיק פיסנאַגי: — שטעלט זיך אויף, ברידער! (וויל העלפן זיי זיך אויפהויבן און פאַלט אַליין אויך. ווען זיי ראַנגלען זיך אויפן פלאָר, דערהערט זיך פון גאַס דאָס געזאַנג פון קאַמפּס-לידער. זיי פּויזען־צו צו די פענצטער, הויבן זיך ווי עס איז אויף. אַלע קוקן אַרוים אין דרויסן. מענדל, וואָס זיצט די גאַנצע צייט אין אָרון־קודש, שטעקט אַרוים דעם קאָפּ, קוקט זיך אַ ווייל אַרום, שפּרינגט אַרונ־טער, כאַפּט דעם פּראָטאָקאָל־בוך אונטערן אָרעם און כאַפּט זיך אַרוים דורכן טיר. דאָס געזאַנג ווערט לעבעדיגער. זיי נע־מען וואַרפן עפּל, פּאַכען מיט די פויסטן און פּלעשלעך צו די מאַסן אין גאַס אַרוים).

(פאָרהאַנג פאַלט)

## פערזאנען:

מיסטער געלמאן — באָס און לענדלאָרד.

סאָניא גארפינקל — טענענט.

| | |
|---|---|
| היימי, 9 יאָר | איזרע קינדער |
| מאָרים, 8 יאָר | |
| לילי, 1 יאָר (ליגט אין וויגעלע) | |

לײדי — פון א טשאריטי־אינסטיטוציע.

דאָקטאָר

נעקסטדאָריגע — אומוויסנדיגע פרוי.

פאָרשטייער — פון ארבעטלאָזן קאונסיל.

(די סצענע קומט פאָר אין קיך פון סאַניאַ גאַרפינקל׳ס אָרימער וואוינונג).

(רעכטע זייט — איין טיר, אריינגאַנג פון גאַס; צווייטע טיר — אריינגאַנג אין אַ צווייטן צימער. נאָענט צו רעכטס שטייט אַ טיש מיט אָנגעוואָרפענע קליינינקייטן. אַרום — פיר שטולן. אין ווינקל — אַ נידעריגע פּאָליצע, אָנגעוואָרפן מיט ביכער. אַ שפּיגל הייננט אויפן וואַנט. אַרום שפּיגל — פון איין זייט לענינ׳ס בילד, פון צווייטן — אַ קאַלענדאַר. אין צענטער קוקן־אַרויס צוויי פענצטער צום הויף. די פענצטער זיינען באַדעקט מיט פּראָסט. לעבן די פענצטער שטייט אַן אויפשטעל־בעטל, צעעפנט, מיט אָנגעוואָרפענע קישנס און בלאַנ־קעטס. לעבן בעטל — אַ קינדער־וויגעלע. לינקס — שמאָלע טיר, אריינגאַנג צום באָד־צימער. אייז־באָקס. שוואַרצער אויוון נאָענט ביים וואַנט. איבערן אויוון — אָנגעשטעלטע כּלים. אַרום אויוון — אָנגעוואָרפן שטיין־קוילן, ברעטלאַך, האָלץ. די אָרימקייט זעט זיך אָן אין יעדן ווינקל).

(סאַניאַ זיצט אויפן ברעג פונם צעעפנטן בעטל, וויגט דאָס וויגעלע און קוקט מיט פאַרטרערטע אויגן דעם קליין קינד אין פּנים אַריין; האַלט אויפן שויס אַ קעסטעלע רויטן שטאָף, בינדט שלייפעלעך. מאָריס און היימי שטייען און בלאָזן אויף די פאַרפרוי־רענע שויבן, קוקן אין דרויסן אַרויס).

---

**סאַניאַ** (צו היימי׳ן): — קינד מיינס, טו זיך אָן. דו וועסט פאַרשפּעטיגן מיט די נאָכמיטאָג־צייטונגען. מאַך עס גיכער, וואָרים איך האָב ניט מער ווי די פּאָר שטיקלעך קוילן מיט די פּאָר ברעט־לעך אין הויז, און קיין שטיקל ברויט איז אויך ניטאָ.

**היימי** (ווייזט אויף די שויבן): — דאָ איז גענוג האָלץ, זע, מאַמע, אויף די שויבן איז פאַראַן בוימער — אַ גאַנצער וואַלד מיט האָלץ. (בלאָזט אויף די שויבן צו זען די גאַס).

**מאָריס**: — יע, אָבער אַז מ׳וועט נעמען האַקן די בוימער, וועט מען נאָך דערוויל צעברעכן די שויבן, און דאַן וועט דאָס שנייעלע באַלן אויף אונזער בעטל, און עס וועט זיין נאָכמער קאַלט.

סאָניאַ: — נו, טו זיך אָן, גיכער! שפּאַס ווייניגער. גיי, פאַרדין אַ פּאָר סענט.

היימי (ווייזט־אָן אויפן פענצטער): — יע, מאַמע, ווי זיי גליטשן זיך אויף די שליטעלעך. וועסטו מיר אויך קויפן אַ שליטעלע?

סאָניאַ: — יע, איך וועל דיר קויפן (קלייבט אים צוזאַמען די זאַכן. גיט אַ קוק אויף די שיכלעך. ציטערט־אויף, ווען זי דערזעט די שיכלעך צעריסן.) פאַרוואָס האָסטו מיר ניט געזאָגט, אַז דיינע שיך זיינען שוין אַזוי צעריסן? אַזוי ביסטו דאָס נעכטן אַרומגעגאַנגען אַ גאַנצן טאָג אין שניי?

היימי: — איך בין ניט אַרומגעגאַנגען, נאָר אַרומגעלאָפן, און אַז מיר איז געוואָרן קאַלט, האָב איך געקלאַפּט אַ פוס אָן אַ פוס (ווייזט ווי אַזוי ער האָט געקלאַפּט. שפּרינגט אַרום אין בעטל): אָט אַזוי־אַ!

מאָרים (רייסט איר פאַרן האַלז): — מאַמע, מיר וועסטו אויך קויפן אַ שליטעלע?

סאָניאַ: — יע, ווען לילי וועט געזונט ווערן.

מאָרים: — און הענטשקעס מיט וואַרעמע היטלען אויך? (ווייזט אויפן פענצטער) זע, אַזעלכע, ווי יענע קינדער האָבן.

היימי: — מיר אַ היטל מיט אויער־דעקלעך, יע, מאַמע?

סאָניאַ: — יע.

(ביידע קינדער טאַנצן פאַר פרייד אין בעטל.)

מאָרים: — און ווער וועט אונז פירן?

סאָניאַ (מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער): — טאַטע!

מאָרים און היימי: — גוט, גוט! (ביידע טאַנצן און בלאָזן די שויבן.)

סאָניאַ (בויגט אַראָפּ דעם קאָפּ איבערן וויגעלע, זיפצט שטיל): — טאַטע!

(מאָרים פאַלט איר אויפן האַלז. היימי קוקט איר אָן און נעמט זיך אָנטאָן).

מאָרים: — פאַרוואָס פירן אַלע טאַטעס די קינדער אויף שלי־טעלעך, נאָר אונזער טאַטע איז אַ שלעכטער? (נעמט פון קעסטל אַ הויפן לענטעס און זעצט זיך אויך בינדן שלייפלעך).

**סאָניא** (ציטערט־אויף) : — ניין, ניין, קינדער! אייער טאַטע איז אַ גוטער!

**הײַמי** : — ניט קיין גוטער. דער טאַטע איז אַ שלעכטער. איך ווייס, ער האָט געשלאָגן אַ פּאָליסמאַן.

**סאָניא** : — ווער האָט דאָס דיר געזאָגט?

**הײַמי** : — אין סטאָר, אין סטאָר!

**מאָרים** : — אין סטאָר זאָגט מען מיר אַלעמאָל, כ'זאָל ניט געראָטן זיין אין טאַטן, ווייל טאַטע איז אַ שלעכטער : ער שלאָגט זיך.

**סאָניא** : — ניט אמת. ז יי זיינען שלעכטע מענטשן, די, וואָס זאָגן דאָס אייך, זיי האָבן אייער טאַטן געפּייניגט, געוואָלט אים שלאָגן, ווייל ער האָט געסטרייקט.

**הײַמי און מאָרים** (ביידע צוזאַמען) : — וואָס איז אַ סטרייק, מאַמע?

**סאָניא** (ווייזט אויפן פענצטער) : — איר זעט, קינדער, אָט־די קינדער פון די קרעמער, פון די באַלעבאַטים האָבן אַלע גוטע זאַכן, און די קינדער פון די, וואָס אַ ר בּ ע ט ן, האָבן גאָרנישט; מוזן די טאַטעס סטרייקן, אַז אַלע קינדערלעך זאָלן זיין גלייך און גליקלעך! (הײַמי בלייבט זיצן מיטן זאַק אין האַנט. מאָרים קוקט דער מאַמען אין די אויגן אריין. ביידע הערן זיך צו) דער טאַטע האָט לאַנגע שעה'ן געאַרבעט אין סטאָר, שווער געאַרבעט, געטראָגן אַלעמען פּעקלעך עסן, נאָר פאַר אייך איז ניט געווען ברויט צו זאַט. דערפאַר האָט דער טאַטע געסטרייקט און געבעטן די מענטשן, אַז זיי זאָלן ניט קויפן אין אַזאַ סטאָר, וואָס גיט ניט גענוג די מענטשן, וואָס אַרבעטן פאַר איר, אויף אַ לעבן צו מאַכן. (זי נעמט זיי אַרום). איז די פּאָליציי באַפאַלן דעם טאַטן און די אַנדערע סטרייקער מיט גראָבע שטעקנס, שיר די קעפּ זיי ניט געשפּאָלטן. דער טאַטע האָט זיך פאַרטיידיגט, און אַ פּאָליסמאַן צוריקגעגעבן.

**הײַמי** : — איז אַ פּאָליסמאַן אַ שלעכטער מענטש?

**סאָניא** : — די פּאָליציי, קינדערלעך, פאַרטיידיגט די רייכע, העלפט צעברעכן די סטרייקס פון די אַרבעטער, און פאָלגט אַלץ, וואָס די באַלעבאַטים הייסן. דערפאַר האָבן מיר ניט גענוג וואָס צו עסן. דערפאַר איז ניטאָ אויף קיין דאָקטאָר און מעדיצין פאַר אייער קראַנקער שוועסטערל. זיי, די פּאָליציי, העלפן נאָר די רייכע,

און אויף דעם פאַרלאַנג פון דעם באָס האָבן זיי אייער טאַטן אַרעסטירט און איצט שמאַכט ער אין פּריזאָן.

מאָרים (שפּרינגט־אויף): — איצט וועל איך זאָגן אַלע קינדער, אַז אונזער טאַטע איז אַ גוטער.

היימי (כאַפּט אַרום דער מאַמען און גיט איר אַ קוש): — אויב אַזוי, איז גוט, וואָס דער טאַטע האָט זיך ניט געלאָזן שלאָגן און דעם פּאָליסמאַן צוריק דערלאַנגט. גוט אַזוי! זאָג, מאַמע, און די מענטשן האָבן געקויפט אין דער סטאָר, וואו דער טאַטע האָט געסטרייקט?

סאָניאַ: — די אָרימע, די אַרבעטער, האָבן געהאָלפן די סטרייקער, און די רייכע האָבן געהאָלפן די קרעמער.

מאָרים (גיט אַ שפּרונג): — מיר'ן אויך סטרייקן, מאַמע.

היימי (נעמט זיך ווידער אָנטאָן): — מיר וועלן מער אין דער סטאָר ניט קויפן. מיר'ן זיין געראָטן אין טאַטן און אויך ווערן סטרייקער!

(עס דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר).

סאָניאַ: — קאַם אין!

(שכנ'טע קומט אַריין, גיט אַ קוק אויפן קינד, גיט אַ טאַפּ דעם קינד'ס קעפּל).

שכנ'טע: — דער לענדלאָרד זאָל אַזוי ברענען, ווי דאָס קינד ברענט. נו, וואָס זאָגט דער דאָקטאָר?

סאָניאַ: — דער דאָקטאָר זאָגט, אַז דאָס קינד פילט בעסער.

שכנ'טע: — אַמעריקאַנער דאָקטוירים! גאָטעניו, זאָל נאָר אַזוי פילן מיין לענדלאָרד! איר ווייסט, ער האָט מיר שוין היינט פאַרטאָג געקלאַפּט אין טיר, אויב איך גיב אים ניט קיין רענט, שטעלט ער מיך אַרויס אין גאַס. זאָל מען אים נאָר שטעלן באַנקעס. צווייערליי, — פּראָסטע און געהאַקטע. איכ'ל אייך זאָגן דעם אמת: איך בין אייך שוין באַלד מקנא, וואָס דאָס קינד איז אייך קראַנק. דערווייל היינגט דאָס צעטל אויפן טיר און ער האָט טאַקע מורא אַריינצוגיין צו אייך בעטן רענט.

סאָניאַ: — דעם צעטל האָט שוין דער דאָקטאָר נעכטן אַרונטערגענומען, און דער לענדלאָרד איז שוין טאַקע געווען ניט לאַנג נאָך רענט. הערט: א י י ן זאַך מעגט איר וויסן, אַז מיט קללות קאָן

מען ביי זיי גאָרניט אויספירן. געגן זיי איז דאָ א יי ן מיטל: פאַראייניגן זיך, יוניאָן!

שכנ׳טע: — איך וואָלט שווערן, אַז דאָס האָט דער לענדלאָרד געהייסן אַרונטערנעמען דעם צעטל, כדי ער זאָל קאָנען קומען מאָנען רענט. (טאַפּט דאָס קינד). דאָס קינד ברענט דאָך. ער זאָל אַזוי ברע־נען, א יוניאָן אויף אים!...

(הײמי גייט אריין אין צימער זיך וואַשן. מאָרים קוקט אויף בילדער אין אַ צייטונג, לייגט אַוועק די שלייפלעך, נעמט א שערל, שערט אויס בילדער.)

סאָניע: — וואָס איז מיר דער אונטערשייד ווי אַזוי דאָס איז, דערווייל איז דאָס קינד קראַנק, ניטאָ קיין מילך, ניטאָ קיין ברויט, און פון רענט איז דאָך אָפּגערעדט...

שכנ׳טע: — זעט, מיסטער גאָרפינקל שרייבט כאָטש עפּעס פון פּריזאָן? ניט אַזאַ טייערער מאכל, מסתמא, צו פינצטערן דאָרטן דריי יאָר. ס׳קאָן זיין, אַז ווען איר זאָלט גיין צו מיסטער געלמאַן בעטן, וואָלט ער אים אַרויסגענומען.

סאָניע: — איר מעגט וויסן, אַז איך בין שוין אויך גענוג געזעסן, נאָך אין דער אַלטער היים. מיר בעטן ניט קיין באַפריי־אונג — מיר קעמפן!

שכנ׳טע: — הלואי זאָל אייך גאָט העלפן!

סאָניע: — ניין, מיר פאַרלאָזן זיך ניט אויף גאָט׳ס הילף! אונזער קאַמף איז אונזער גאָט!

שכנ׳טע: — נו, מילא, זאָל זיין, ווי איר ווינטשט זיך אַליין. ועט, איר דאַרפט עפּעס אין גאַס?

סאָניע (מיט א פאַרשטיקטער שטים): — ניין.

(די שכנ׳טע עפנט די טיר. עס קומט איר אַנטקעגן די ליידי פון דער „טשאַריטי"-אינסטיטוציע.)

ליידי: — וואוינט דאָ מיסעס גאָרפינקל?

שכנ׳טע: — יע, יע! (גייט אַרויס)

ליידי: — גוט מאָרגן!

סאָניע: — גוט מאָרגן! (ווישט זיך אויס די אויגן).

ליידי (באַקוקט אין אַלע ווינקלען אין הויז, גייט־צו צום ווי־געלע, באַטראַכט דאָס קינד): — זעט אויס, אַז דאָס קינד פילט בעסער?

סאָניא : — איך ווייס ניט. דער דאָקטאָר דאַרף באַלד זיין.

לײדי : — וואָס האַלט איר אַזוי קאַלט דאָס הויז? (רייבט די הענט פון קעלט).

סאָניא : — מיר זיינען שוין געוואוינט צו דעם. (גייט צום אויוון)

לײדי : — יע, אָבער פאַרן קינד?

מאָרים : — אָבער עס זיינען ניטאָ קיין קוילן.

לײדי (גיט אים אַ גלעט איבערן קאָפּ) : — טאָ פאַרוואָס ברײנג־סטו ניט?

מאָרים : — מײנע שיך זײנען צעריסן.

לײדי : — איך וועל אייך באַלד אַרויפשיקן קוילן, און עסן אויך.

(סאָניא לײגט דאָס ביסל קוילן און האָלץ אין אויוון אַרײן. שטעלט אַרויף אַ טעפּל מיט וואַסער צום קאָכן.)

סאָניא : — זעצט זיך. (גיט דער לײדי אַ שטול).

לײדי : — אַ דאַנק! איך וויל מיט אייך רעדן אַ פּאָר וויכטיגע ווערטער. האָט איר צייט, מיסעס גאַרפינקל?

סאָניא : — יע. (קומט־צו נעענטער צו איר).

לײדי : — הערט אויס! עס איז שוין דער פערטער מאָנאַט, ווי אייער מאַן שמאַכט אין פּריזאָן, און פאַרגעסט ניט, אַז ער דאַרף נאָך זיצן ביז דריי יאָר. דאָס מיינט פאַר אייך אַ שרעקלעכער יאָד. (מאָרים קוקט איר אָן מיט שרעק.) אָט זעט, קינדער דאַרפן אַ טאַטן. נו, ער האָט געמאַכט אַ טעות. ער האָט ניט געדאַרפט גיין סטרייקן קעגן מיסטער געלמאַן. נאָך אַלעמען איז מיסטער געלמאַן אַ זיין באָס, אַ זיין לענדלאָרד. אַלע קענען אים פאַר אַ גרויסן בעל־צדקה. און ער איז עס. לאָזט מיר אייך אויסזאָגן אַ סוד, אַז ער איז אפילו דער פּרעזידענט פון דער „טשאַריטי", וואו איר קריגט די הילף. (סאָניא שוידערט־אויף.) יע, יע, ער אַליין האָט מיך געשיקט צו אייך. ער קאָן ניט זען, ווי אַ איד זאָל שמאַכטן אין פּריזאָן. הערט, מיסעס גאַרפינקל. אידעאַלן זיינען זייער גוט. איך האָב א ו י ך אידעאַלן. אָבער ניט אויפן חשבון פון קליינע קינדער. און איר דאַרפט ניט פאַרגעסן אייער מאַן — דריי יאָר פּריזאָן. דאָס איז ניט קיין קלייניגקייט!

סאָניא : — אָבער וואָס ווילט איר? (טרערן שטיקן איר.) אָבער וואָס זענט איר געקומען זיך באַדן אין מיין בלוט? וואָס פאַר־לאַנגט איר?

לײדי: — איך בין געקומען פונאייערטוועגן. איר קאַנט ווירקן, עס זאָל נעמען א סוף פון סטרייק. פע! עס איז ניט שיין, זייער ניט שיין, אז אידן מיט אידן זאָלן זיך אזוי ארומרייסן. אויב זיי ארבעטן מערער א שעה בלייבט דאָך דאָס סיי־ווי צווישן אייגענע. פאַרגעסט ניט, אז מיסטער געלמאַן איז פרעזידענט פון א שול, איז פרעזידענט פון א האָספיטאַל, וואו מ׳קאָכט אַלץ כשר. ער איז פרעזידענט פון תלמוד־תורה. וואו איז ער נ י ט פרעזידענט? נו, מילא, זיי האָבן געמאַכט א טעות, ארויס אין סטרייק — סטרייקט מען אונטער און מ׳גייט צוריק.

סאָניאַ: — צוריק וועט מען גיין, ווען געלמאַן וועט אויפהערן צו זיין א בעל־צדקה אויף יענעמ׳ס רעכענונג. און מעג ער אַוועקשיקן אין פריזאָן ניט נאָר מיין מאַן, נאָר אפילו מיך מיט די קינדער, וועט דער קאַמף פאַרגעזעצט ווערן ביז א זיגרייכן סוף!

לײדי (אויפגערעגט): זייער ניט שיין פון א פרוי אזוי צו רעדן.

סאָניאַ: — אזוי לאַנג, ווי פרויען דאַרפן שקלאַפן, וועלן זיי האָבן וואָס צו זאָגן וועגן שקלאַפעריי, און הערט בעסער אויף מיר צו מוסר׳ן. גייט אייך, פונוואַנען איר זענט געקומען.

מאָרים (שפרינגט אויף אין בעטל): — מיר׳ן א ו י ך סטרייקן מיטן פאַפאַ!

לײדי: — א שיינע לערע גיט איר די קינדער! זיי דאַרפן א ו י ך וויסן פון אזוינע זאַכן ווי סטרייקס? ווען איך האָב א דעה, וואָלט איך אזעלכע מאַמעס ניט געלאָזן דערציען די קינדער...

סאָניאַ: — און ווען איך האָב צו זאָגן, וואָלט איך אזעלכע לײדיס געשיקט ארבעטן אין שאָפ, אָדער בינדן אָט־די שלייפעלעך (ווייזט איר אויף א קעסטל אויפן טיש.) פאַר א קוואָדער א גראָס, בלענדן די אויגן טאָג און נאַכט, צוזאַמען מיט די קינדער, און פאַרדינען זעקס דאָלער א וואָך.

לײדי: — אָבער, מיסעס גאַרפינקל, פאַרוואָס לאָזט איר זיך ניט רעדן? איך בין געקומען צו אייך פונמיינעטוועגן? איך בין דאָך אויסן א ייע ר טובה. און וואָס וועט איר טאַקע טאָן, ווען געלמאַן וועט פאַרזאָגן, איר זאָלט ניט קריגן קיין ביסן ברויט פון דער „טשאַריטי”?

סאָניאַ (לויפט צו איר צו): — אזוי? איך דאַרף אייך אויף כּפּרות מיט געלמאַנ׳ס „טשאַריטי”. מיר גלויבן אין „סאָלידאַריטי”!

דער „וואָרקערס אינטערנעשאָנאַל רעליף" וועט שוין אכטונג געבן, אַז די קינדער זאָלן ניט זיין הונגעריג און האָבן וואָס אָנצוטאָן!

ליידי (זוכט איר צו בארואיגן): — אבער מ'איז דאָך ניט מער ווי אַ מענטש. אַט איז קראַנק אַ קינד, מ'דאַרף אַ דאָקטאָר?

סאָניאַ: — נו, האָבן מיר דעם „אינטערנאַציאָנאַלן ארבעטער־אָרדן". זיי וועלן שוין באַזאָרגן אַ דאָקטאָר, און אַן ערלעכן מענטשן. יע!

ליידי: — און דאָס, וואָס מ'קאָן באַפרייען מיסטער גאַרפינקל פון פריזאָן, אַז ער זאָל צוריק זיין אַ טאַטע, אַ מאַן, צוריק ארבעטן און מאַכן אַ לעבן? און איר קאָנט דאָס טאָן.

סאָניאַ: — דאָס וועט שוין טאָן די „אינטערנעשאָנאַל לייבאָר דעפענס"! זי וועט באַפרייען ניט נאָר מיין מאַן, נאָר אַלע בראַווע קעמפער. און איר זאָרגט זיך ווינציגער פאַר מיין מאַן.

ליידי: — אויב אַזוי, קאָן איך אייך זאָגן, אַז מיסטער געלמאַן וועט אייך נאָך היינט ארויסשטעלן אין גאַס. איך האָב אים צוריק־געהאַלטן און אייך געוואָרנט אין צייט.

סאָניאַ: — נו, וועט דער „אַנעמפּליאַד קאַנסיל" ארייַנשטעלן צוריק די פויניטשור אין הויז אריין! איך בין ניט פון די שרעקעדיגע.

ליידי: — אַזעלכע חוצפה'דיגע מענטשן דאַרף מען נאָר ארויס־שיקן פון לאַנד. ווי געפעלט אייך? איך קום איר העלפן, זידלט זי זיך.

סאָניאַ: — איידער איר וועט מיך ארויסשיקן פון לאַנד, שיק איך אייך אַרויס פון מיין הויז (ווייזט איר די טיר). גייט און זאָגט געלמאַנ'ען, אַז זיינע אַגענטן וועלן אים גאָרניט העלפן. מיט פריי־זאָן און הונגער וועט מען די סטרייקער ניט איבערשרעקן.

(ליידי קוקט איר אָן. סאָניאַ דעקט־איין דאָס קינד און וויגט עס צו. היימי זוכט אין ברויט־קעסטל און אייז־באָקס וואָס צו עסן. געפינט אַן עפּל, צעשניידט, גיט אַ האַלבן מאָרים'ן. מאָרים נעמט עסן און שערט בילדער פון צייטונגען. היימי טוט־אָן אַ סוועטער, אַ קאָוט און זוכט מיט וואָס זיך ארומצובינדן. מ'קלאַפּט אין טיר.

סאָניאַ: קאָם אין!

(דאָקטאָר קומט אריין)

דאָקטאָר (לייגט אַוועק דאָס קעסטל אינסטרומענטן, באַגריסט

זיך מיט דער לײדי): — וואָס מאַכט איר? ווי קומט איר אַהער אַזוי פֿרי?

לײדי (אויפגערעגט): — מ׳טאָר מענטשן קיין טובות ניט טאָן. אַ שלעכטע וועלט, אומדאַנקבאַרע מענטשן.

דאָקטאָר: — הייסט דאָס אַ, מ׳דאַרף איר אָפּערירן, האַ? (גייט צום קינד, לאַכט) נו, קליינינקע, וואָס זאָגסטו עפּעס אויף דער וועלט? מ׳דאַרף איר מאַכן אַן אָפּעראַציע? כאַ־כאַ־כאַ.

(לײדי קוקט זיך אַרום, גיט אַן עפֿן די טיר און גייט אַרויס.)

סאָניאַ (צו היימי׳ן): — בינד זיך גוט אַרום. (זי העלפֿט אים פֿאַרבינדן דעם האַלז מיט אַ טיכל. היימי גיט איר אַ קוש. גייט אַרויס.)

דאָקטאָר (באַטאַפּט דאָס קינד): — דאָס קינד פֿילט אויסגעצייכנט. איר קאָנט עס שוין געבן עפּעס עסן.

סאָניאַ: —ווען עס זאָל זיין וואָס...

דאָקטאָר: אַזוי איז עס שוין אַלעמאָל: מ׳וויל זיך פֿאַרבעסערן און מ׳מאַכט זיך ערגער. איר וועט מיך אַנטשולדיגן, איז דאָס אמת, אַז מיסטער גאַרפֿינקל זיצט אין פֿריזאָן ווי אַ רעזולטאַט פֿון דעם סטרייק ביי מיסטער געלמאַנ׳ען?

סאָניאַ: — יע, ס׳איז אמת!

דאָקטאָר: — נו, איז דאָס שיין? מיט אַן אייגענעם באָס, מיט אַן אייגענעם לענדסלאַרד פֿאַרפֿירן געשלעגן? כ׳ווייס ניט!

סאָניאַ: — און איך בין שטאָלץ מיט דעם, וואָס מיין מאַן קעמפֿט געגן אַזאַ פֿאַראַזיט!

דאָקטאָר (אַביסל בייז): — וואָס, איר מיינט עס ערנסט?

סאָניאַ: — דאָס וואָס איר הערט!

דאָקטאָר: — מעגלעך, ווען איר דאַרפֿט ליגן מיט די מייז אין אַ פֿינצטערן קעלער, ווי אייער מאַן, און עסן בעבלעך מיט וואַסער, וואָלט איר אַזוי ניט גערעדט.

סאָניאַ: — דיזעלביגע ווערטער. איך ווייס וואָס ס׳מיינט פֿריזאָן און מיין מאַן ווייסט אויך. די מייז אין פֿינצטערן קעלער זיינען ניט געפֿערלעכער ווי די באַלעבאַטים אין פֿאַבריק, און ווי מיסטער געלמאַן, דער בעל־צדקה.

דאָקטאָר: — אַזוי רעדט דאָך אַ קאָמוניסטקע!

סאָניאַ: — געוויס! און איך בין צופרידן, וואָס איך בין איינע פון זיי!

דאָקטאָר (איבערראַשט): — אַזוי? איינע פון זיי? (שפּיליעט נערוועז די קנעפּלעך אין דער וועסט.) זעט, קאָנט איר מיר ניט זאָגן ווי אַזוי עס איז געקומען צו דעם אַרעסט?

סאָניאַ: — ווען אייך וואָלט אינטערעסירט די אמת'ע פאַקטן, וואָלט איר שוין לאַנג געדאַרפט וויסן. אָבער איר, רייכע, ווערט נאָר פאַרציטערט, ווען איר הערט עפּעס וועגן דעם אַרבעטער, וואָס האָט געטאָן עפּעס, וואָס אייך געפעלט ניט, אָבער נידערטרעכטיגקייטן, וואָס ווערן באַגאַנגען קעגן דעם אַרבעטער — דאָס אַרט אייך ניט. אָבער, דאָקטאָר, איר מעגט וויסן, אַז מיסטער גאַרפינקל איז ניט קיין מערדער, ניט קיין שלעגער. מיסטער גאַרפינקל אַרבעט שוין פאַר געלמאַנ'ען צוועלף יאָר, נאָך פון דעמאָלט, ווען ער, געלמאַן, האָט געהאַט איין קליין קרעמל און האָט נאָך ניט פאַרמאָגט די גאַנץ מיט הייזער. גאַרפינקל האָט אַלעמאָל געאַרבעט שווער פאַר זיין שטיקל ברויט. פון באַגינען פלעגט ער שוין זיין אויף די פיס, טראָגן פאַר די רייכע באַלעבאַטעס פעקלעך שפּייז, אַוועקשטעלן עס אונטער דער טיר, כדי זיי זאָלן עס האָבן אין צייט, ווען דער אַפּע־טיט וועט זיך ביי זיי צעשפּילן — אַ פרישע בולקע, פרישע אייער און אַנדערע גוטע זאַכן. פאַר זיך פלעגט ער ברענגען די צעדריקטע און האַלב־פאַרבראַנטע ברויטלעך, וואָס זיינען געבליבן נאָך אַ טאָג אויספאַרקויפט.

דאָקטאָר: — נו, ער האָט דאָך געקראָגן באַצאָלט דערפאַר.

סאָניאַ: — יע, אַכצן דאָלער אַ וואָך, מיט די צעבראָכענע ברויט־לעך פריי. נאָר איצט, ווייל די צייט איז שלעכט; ווייל עס הערשט דער קריזיס, האָט ער אַוועקגעשיקט צוויי אַרבעטער און פאַרלאַנגט, אַז די פאַרבליבענע אַרבעטער זאָלן אויפשטיין מיט אַ שעה פריער — אַרבעטן אָנשטאָט פופצן — זעכצן שעה אַ טאָג. איר פאַרשטייט?

דאָקטאָר: — אָבער זיצן אין פּריזאָן איז בעסער?

סאָניאַ: — אָבער דורך דעם סטראַשונאַק פון פּריזאָן קאָן מען אַ קלאַסן־באַוואוסטזיניגן אַרבעטער צו שקלאַפעריי ניט טרייבן. און אויב אייער קלאַס, אָדער דער קלאַס, צו וועמען איר ווייזט אַרויס אַזויפיל סימפּאַטיע, באַנוצט דעם מיטל פון פּריזאָן אָנצו־לערנען אונז, האָט איר אַ טעות, וועט דאָס זיי ווינציג־וואָס העלפן!

**דאָקטאָר:** — חלילה! איך בין אַ „פּראָפעשאָנאַל”. איך לעב ניט פון קיינעמ׳ס פּראַצע. און אויב איך האָב אַ פּאָר הייזער און מ׳צאָלט מיר דירה־געלט — נו, האָב איך דאָך אויף דעם געאַרבעט. כ׳מיין, אַז סטרייקן איז אין אַלגעמיין ניט געזונט. צו וואָס אומזיסט און אומנישט פאַרלירן צייט? כ׳וועל אייך זאָגן דעם אמת, אַז לויט מיין מיינונג קאָן מען אויך א י צ ט סעטלען די גאַנצע געשיכטע.

**סאָניא:** — יע, איר קאָנט אָפּרופן די סטרייק־קאָמיטע און איר פאַרלייגן אַ סעטלמענט־פּלאַן, אויב איר האָט דאָס רעכט עפּעס פאַרצושלאָגן.

**דאָקטאָר:** — ס׳הייסט, קיין רעכט האָב איך נ י ט, און איך וויל איבערהויפּט ניט האָבן צו טאָן מיט די סטרייקער און זייערע קאָמיטעס. איך וועל אייך זאָגן (לייגט אַרויף די האַנט אויף סאָניא׳ס אָרעם) איך גלויב, אַז ווען איר זאָלט בעטן די סטרייקער, אַז זיי זאָלן זיך אומקערן צו דער אַרבעט, וואָלט איך געקאָנט בעטן מיסטער געלמאַנ׳ען, אַז ער זאָל ווירקן, אַז גאַרפינקל זאָל באַפרייט ווערן. איר ווייסט דאָך: מיסטער געלמאַן איז אַן אָנגעזעענער מענטש, און ער ק אָ ן ווירקן.

**סאָניא** (שפּרינגט־אָפּ פון אים): אַלע ווילן זיין מיינע פריינט. גוטהאַרציגע מענטשן. יעדערער פון זיי וויל מיך ראַטעווען. זאָגט דעם אמת, הער דאָקטאָר, וויפיל טויזנטער אייערע ליגן אין געלמאַנ׳ס געשעפט? און אפשר איז די דירה א ו י ך אַ שותפות׳דיגע?

**דאָקטאָר** (אויפגערעגט): נו, און אַז יע, וועט איר אפשר קיין דירה־געלט ניט צאָלן? אַ דאַנק גאָט, אין אַמעריקע איז מען באַוואָרנט קעגן אַזוינע! (לויפט צו צום קינד, גיט כלומר׳שט אַ טאָפּ דאָס קעפּל.) דאָס קינד פילט גוט. אַ גוטן טאָג! (נעמט דאָס קעסטל מיט אינסטרומענטן, גייט אַרויס מיט כעס.)

**סאָניא:** — אַ דאָקטאָר? (טוליעט זיך צום קינד אין וויגעלע)

**מאָרים:** — מאַמע, ווען טאַטע וועט קומען פון פּריזאָן, וועט זיין וואָס צו עסן?

**סאָניא:** — איך וועל באַלד קריגן פאַר אייך וואָס צו עסן. איך האָב ביז איצט ניט געוואָלט באַלעסטיגן זיי, דעם „וואָרקערס אינטערנעשאָנאַל רעליף”, ווען זיי האָבן אויף זיך צו פירן אַזעלכע

גרויסע קאַמפן; אָבער איצט וועל איך דאָס טאָן. ארויסשליידערן די „טשאַריטי" פון מיין הויז. (זי נעמט אָנטאָן דעם קאָוט. פּלוצלונג עפנט זיך די טיר. עס קומט אריין מיסטער געלמאַן. צוויי מאַר־שאַלס. אַ פּאָליסמאַן.)

מיסטער געלמאַן: — מיסעס גאַרפינקל! אין דעם פאַל בין איך געקומען פּערזענלעך, טראָץ דעם, וואָס איך האָב די נויטיגע פּאַ־פּירן און איך קאָן אייך גלייך ארויסשטעלן אין גאַס, פונדעסטוועגן וויל איך דאָס ניט טאָן. דאָס אידישע האַרץ דערלאָזט מיר ניט. איך האָף אָבער, אַז איר וועט אויך פאַרשטיין אייערע אידישע פליכטן און מאַכן אַ סוף צו דעם חילול־השם, אַז אידישע ארבעטער זאָלן סטרייקן ביי אַ אידישן באָס. נאָך אַלעמען, וועמען האָב איך אוועק־געשיקט? אַ ניגער, און דער צווייטער — א ו י ך מ י ר אַ איד...

סאָניאַ: — און ביי מיר און ביי מיין מאַן זיינען די צוויי אַר־בעטער טייערער ווי אַלע אייערע באָסעס אינאיינעם, אייך אריינגע־רעכנט.

מיסטער געלמאַן (אויפגערעגט): — אַזוי? (ווייזט די מאַר־שאַלס צו נעמען שלעפּן די פורניטשור. זיי נעמען טראָגן. סאָניאַ לויפט צו. וויל ניט לאָזן. פּאָליסמאַן שטויסט איר אוועק. מאָרים הויבט־אָן וויינען. איין מאַרשאַל דערלאַנגט די שטולן צום טיר; דער צווייטער שטעלט זיי ארויס אין דרויסן. סאָניאַ טראַכט אַ וויילי. לויפט־צו צו מאָרים'ן גיט אים אַ וויש איבערן פּנים.)

סאָניאַ: — זיי רואיג, קינד מיינס! איך קום באַלד ארויף. (לויפט ארויס אויפגערעגט אין גאַס.)

(די מאַרשאַלס שלעפּן ארויס מאָרים'ן פון בעט. ער לאָזט זיך ניט. זיי זעצן אים אוועק אויף אַ קישן און פאַרמאַכן דאָס בעטל. נעמען עס טראָגן. סאָניאַ קומט אריין צוזאַמען מיט פאַרשטייער פון „אַנעמפּלויאַמענט קאַנסיל" און עטלעכע ארבעטלאָזע. דרויסן דערהערט זיך אַ טומל. פּאָליסמאַן לויפט ארויס.)

מיסטער געלמאַן (צום פאַרשטייער): — ווער זענט איר?

פאַרשטייער: — און ווער זענט איר?

מיסטער געלמאַן: — איך בין דער לענדלאָרד פון דעם הויז. און איך בין געקומען ארויסשטעלן מיין טענענט, וואָס וויל וואוינען אָן רענט.

פאַרשטייער: — און מיר זיינען די, וואָס וועלן אריינשטעלן צוריק!

מיסטער געלמאַן: — אויב מ׳וועט אייך לאָזן...

(פאַרשטייער גיט אַ וואונק צו די אַרבעטלאָזע. זיי גייען אַרויס. היימי קומט אריין מיט ציימונגען אונטערן אָרעם. בלייבט שטיין דערשראָקן. דרויסן הערט זיך טומל. סאָניאַ פירט אריין דאָס ווינעלע אין בעד־רום. ביטערקייט באַווייזט זיך אויף איר פּנים. זי שטעלט זיך אַוועק אויפן שוועל פון טיר צו דער בעד־רום, גרייט צו קעמפן, אויב זיי וועלן פּרובירן אריינגיין נעמען די זאַכן. געלמאַן ווייזט דעם מאַרשאַל צו טראָגן. ער קערט איבער דעם טיש, שאַרט אַלץ אַראָפּ. דער פאַרשטייער ווייזט די אַרבעטלאָזע, זיי זאָלן אריינטראָגן די זאַכן. עס דערהערט זיך שטילער געזאַנג.)

ערשטער אַרבעטלאָזער (טראָגט אריין אַ שטול און זינגט):

Solidarity for ever,

צווייטער אַרבעטלאָזער (טראָגט אריין אַ שטול און זינגט):

Solidarity for ever,

דריטער אַרבעטלאָזער (טראָגט אריין דאָס בעטל און זינגט):

Solidarity for ever,

פערטער אַרבעטלאָזער (טראָגט אריין דעם טראַנק און זינגט):

For the union makes us strong!

(מיסטער געלמאַן, אויפגערעגט, ווייזט די מאַרשאַלס ארויס־טראָגן; דער פאַרשטייער ווייזט די אַרבעטלאָזע זיי זאָלן אריינ־טראָגן די זאַכן).

(פאָרהאַנג פאַלט)

דערשינען פון זעלבן שרייבער:

אויף לייטיש געלעכטער.

רויטע פעפערלעך.

איך לאך פון דער וועלט.

לאמיר זינגען.

מיט געזאנג אין קאמף.

